ש. גארעליק

# יידישע קעפ




דרעזדען
פארלאג «וואסטאק», דרעזדען A. 24
1921

# אינהאלט.

# גרעץ׳

I

עס איז געוועזן איינער פון די עלטסטע רוסישע שטעט׳ אין קיעוו געמליך׳ אין דעמזעלביגן קיעוו׳ וואו עס האט מיט מער פון טויזנט יאר צוריק דער פירשט וולאדימיר געצוואונגען די נארישע געצענדינער גיין אין דער דניעפר אריין׳ כדי אפשווענקען אין זייגע וואסערן די אלטע געטער און אננעמען דעם היילגן קריסטוסגלויבן. מען זאגט׳ אז זיי האבן דאן לאנג ניט געוואלט׳ זיי האבן זיך׳ ווי עס ווייזט אויס׳ געפילט מיט זייערע געטער היימליכער און׳ די הויפט־זאך׳ האבן זיי שטארק מורא געהאט פאר די ערנסטע׳ שווערע התחייבות׳ ווי ליבע צו דעם נאהנטן וכדומה׳ וואס דער נייער גלויבן ווארפט ארויף. זיינען זיי דאך נאך קינדער־פעלקער געוועזן און האבן ניט געוואוסט׳ אז ניט אלץ איז מען מחויב אויסצופילן׳ וואס מען זאגט צו. די דערוואקסענע קינדער האבן מורא געהאט׳ און דער פירשט וולאדימיר׳ זייענדיג שוואך אין פירן דיספוטן׳ האט זיי מיט גוואלד געשלעפט אין טייך אריין . . . און אזוי איז געלייגט געווארן דער פונדאמענט צו דער הייליגער שטאט קיעוו. הונדערטער יארן זיינען דורכגעגאנגען׳ עס האבן זיך געמערט היילגקייטן׳ קירכן׳ קלויסטערס און די אור־אור־אור־אייניקלעך פון אמאליגע געצנדינער האבן זיך אויף דעם באקוועמסטן אופן איינגעארדנעט׳ געגנוי אזוי באקוועם׳ ווי אומעטום׳ אז די הויכע ווערטער וועגן ליבע׳ ברודערשאפט׳ די ליידנדע געשטאלט פון דעם בלייכן נוצרי׳ אויס־געמאלט אומעטום׳ אויף אלע עקן׳ דאס מעלאנכאלישע פארנאכטיגע קלינגען פון די פילע קירכן האט ניט געשטערט׳ אז די יידישע

באפעלקערונג זאל זיך אפט געפינען אין דער גרעסטער געפאר. און קיעוו איז אויך בארימט געווארן מיט זיינע פעריאדישע פאגראמען אויף יידן, און נאך מער איז עס בארימט געווארן מיט דעם בייליס־פראצעס, מיט דעם ריטואלמארדפראצעס. האט זיך דאס גאנצע יידישע פאלק דאמאלס מיט איינגעהאלטענעם אטעם צוגעהערט צו דעם פראצעס. געווארט, געציטערט, געהאפט.

אלזא אין דער שטאט קיעוו איז עס געוועזן, אין א לינדן הארבסטאווענט, אויף דעם בערגל פון הייליגן וולאדימיר. מיין באקאנטער, וועלכער איז גלייך מיט מיר געשטאנען און געלאזט ווירקן אויף זיך דעם מעלאנכאלישן צויבער פון דעם פרעכטיגן זונ־אונטערגאנג, האט דערנאך אנגעהייבן טיילן זיך מיט זיינע זכרונות, וועלכע ער האט פון אט דער וואונדערבאר שיינער שטאט ארויס־געטראגן. ניט קיין פרייליכע זכרונות. שרעקליכע. ער האט דערציילט פון דעם איבערגעלעבטן, איבערגעליטענעם אין די פאַ־גראם־טעג, און וויאזוי מען האט אים געשלאגן, און ווי ער, צו־דעקנדיג מיט די הענט דעם פנים, איינבייגנדיג זיך, האט אנגעווענדט זיינע קרעפטן נאר צוליב איין ציל: ניט פאלן. דער אינסטינקט האט אים געזאגט, דאס אין דעם מאמענט, ווען די פאגראמשטשיקעס וועלן אים אומוואלגערן, איז ער פארלארן, איז ער טויט. זיי האבן אים געשלאגן, געשליידערט אים איינער צום צווייטן, ווי א פילקע, און ער האט געטראכט נאר איין זאך: זיך האלטן, ניט פאלן! וואס מער מען האט אים געשלאגן, אלץ מער איז אין אים געוואקסן דער ווילן צום אויסהאלטן, צום שטיין אויף די פיס.

נאר ניט פאלן, נאר ניט פאלן, האט ער געפליסטערט.

און פון די קירכן האט עס געקלונגען: גלין־גלאן, גלין־גלאן, בים באָם, באָם.

מיר האבן זיך אראפגעלאזט פון בערגל אין שטאט אריין, מיין באקאנטער האט נאך אלץ דערציילט דאס איבערגעלעבטע, איך האב געהערט מיט דער טיפסטער אויפמערקזאמקייט, דען ער האט ניט

נאר א פאגראם־עפיזאד, נאר די גאנצע יידישע געשיכטע און דעם סוד פון דעם יידישן קיום דערציילט...

און, קומענדיג צו זיך אין דעם אומגעמיטליכן האטעל־צימער, האב איך נאך פילע נאכטשטונדן פארבראכט מיט דעם לייענען גרעצ'ס «געשיכטע דער יודען». די דאזיגע שרעקליכע, פורכטבארע בלעטער, וועלכע דערציילן פון אומגעוואוינליכע ליידן אויף א משך פון דורות און אין אלע עקן פון דער וועלט, מיט אויסנאמען פון קורצע פעריאדן, ווען דאס געיאגטע, געהעצטע פאלק האט געהאט די מעגליכקייט אביסל אפרוהען, ווייל מען האט מיט געלט געקאנט אויסדינגען א שיצנדע בולע פון דעם פויפסט, אדער ווען צופעליג איז אויף דעם קיניג־שטול געזעסן א עטוואס לייטזעליגער מענש. די דאזיגע בלעטער, וואס טראגן אויף זיך די שוידערהאפטסטע אויפשריפטען ווי: פערדעכטיגונג דער יודען אינפאלגע דעם שווארצען טאדעס, געמעצעל אין קעלן אונד ברעסלאו, געמעצעל דער יודען אין שפאניען, געמעצעל דער מאראנען אין טאלעדא, די פערבאנטען אין פארטוגאל א.ז.וו. א.ז.וו. שטענדיג דאס אייגענע: געמעצעל, פערבאנונג, אויסווייזונגען, העצע, אנגסט. ניין, די דאזיגע בלעטער נישט נאר, וואס זיי נעמען צו דעם שלאָף, זיי קענען ברענגען צו דעם טיפסטן ייאוש, ווען דערצו וואלט זיך נישט ארייגעמישט אויך א געפיל פון פרייד, פון שטאלץ, און אמאל אפילו דאס געפיל פון נקמה. האַ! ווי אט דאס פאלק ווערט זיך, ווי עס לאַווירט צווישן די נעצן פון פארפאלגונגען, ווי אנשטאט די פארניכטעטע קהילות אין שפאניע בליהען אויף אנדערע ערגעץ אין מאַראָקאָ, און וויבאלד עס בלאזט נאר אין דערזעלביגער שפאניע א לינדערער ווינטל, זיינען זיי ווידער דא. די יידן! מיר זיינען ווידער דא. הערליך! ווי דאס ווערט זיך, ווי עס געפינט נאך צייט צו פירן גרויסע רבנים־מחלוקות, צום שרייבן ביכער. אבער אפט פאסירט, אז אלע געמיטער באפאלט א אנמאכט, קיין שטראל פון האפנונג, פארלארן, פון גאט פארלאזן, פארגעסן, קיין ענערגיע,

שטומע רעזיגנאציע, זאל זיין, ווי עס איז, טיף צו דער ערד געבויגן.
איך געפין אין גרעצ׳ס געשיכטע שורות, וועלכע דערציילן וועגען אטדעם אנמאכטגעפיל און וועלכע ווירקן טיפער, ווי די דראַמאטישסטע שילדערונגען:

די פאלגן פון דער גרויסער יידן־שחיטה אין שפאניע אין יאר 1391.

«אבער פאר זיי – שטייט ביי גרעץ – זיינען די פאלגן געוועזן נאך שרעקליכער, ווי די שחיטות גופא, דען זייער מוט איז דורך דעם פולשטענדיג געבראכן געווארן, זייערע אויגן טריב, זייער גייסט פאר מרהשחורה׳ט. ציטעריג זיינען זיי ארומגעגאנגען די אמאל שטאלצע יידישע שפאניער און אין פחד געמידן יעדן קריסטן, ווייל זיי האבן אין אים חושד געווען א מערדער אדער א העצער צו מארדן די יידן. ווען הונדערט יידן זיינען געשטאַנען צוזאמען און א יינגל איז אויף זיי סטראשענדיג צוגעגאנגען, פלעגן זיי פאנאנדערלויפן ווי א מחנה אויפגעשראקענע פייגלעך. (גרעץ «געשיכטע דער יודען» 8 באנד, ז. 63).

און די יידן אין שפאניע זיינען דאך פריהער שטאלץ געוועזן, מיט געהויבענע קעפ ארומגעגאנגען, שווערטער געטראגן, גרויסע העלדישקייטן באוויזן, אבער ווען די מערהייט זעצט זיך אן אויף דער מינדערהייט מיט אלע מיטלען צום אויסראטן, צום פארניכטן, ווערט די טאפפערקייט סוף כל סוף געבראכן, זינקט דער מוט, מען ווערט אפהענטיג, און עס קומט דערצו, אז ווען א יינגעל איז אויף זיי סטראשענדיג צוגעגאנגן, פלעגן זיי פאנאנדערלויפן ווי א מחנה אויפגעשראקענע פייגלעך.

דער באקאנטער זילזול פון ישראל׳ס שונאים וועגן זיין פחדנות איז דער גרעסטער באשולדיגונגס־אקט געגן דעם פיינד זעלבסט. דען דעם אמאליגן שטאלץ, די טאפפערקייט האט ער נאר דורך זיינע אכזריות געבראכן. מען פארטיידיגט איין מאל דעם יידישן פערטל, מען פארטיידיגט דעם צווייטן מאל, דער גרעסטער טייל

פון דער גאנצער יידישער געמיינדע טויט זיך זעלבסט׳ אבי ניט אנ־
נעמען דעם אויפגעצוואונגענעם פרעמדן גלויבן׳ טאפפער רייסן
זיך ארויס פון דער סינאגאגע׳ אדער פון דעם קעלער׳ אדער פון
שלאס׳ וואוהין זיי האבן זיך געוואלט ראטעווען פון די פארפאלגער׳
כדי דעם לעצטן מאל צו קעמפן׳ תמות נפשי עם פלשתים! סיי
ווי סיי דארף מען דאך אונטערגיין׳ זאל לכל הפחות דער פיינד
געדענקען׳ אזוינע עפיזאדן פון גרעסטער העלדישקייט ווייזט אויף
די יידישע געשיכטע פיל׳ אבער שליסליך… שליסליך׳ די מערהייט
בלייבט דאך פארט די מערהייט׳ עס מוז קומען אמאל צו דעם
פונקט׳ ווען די מינדערהייט ווערט שוואך׳ ביז גאר שוואך׳ דורך דער
גראבער׳ פיזישער מאכט נידערגעשלאגן׳ צוגעדריקט׳ קריגט זי מיט
דער צייט א אינסטינקטיווע אפנייגונג צו אלץ׳ וואס דערמאנט אָטדי
פיזישע מאכט און א גיבור ווערט דער סינאנים פון א רשע …

וואס אמת איז אמת׳ עס איז ניט שווער א גרויסע מאסע יידן צו
דערשרעקן׳ אין רוסלאנד׳ אין רומעניע און אומעטום׳ וואו יידן
פילן זיך ניט זיכער׳ און אפילו דארט׳ וואו זיי פילן זיך כלומרשט
זיכער׳ איז עס ניט שווער׳ א קלייניקייט איז אפט גענוג׳ א געשלעג
אויף דער גאס׳ א שרפה ערגעץ׳ אפילו א איבערגעקערטע דראשקע׳
ארום וועלכער עס האט זיך פארזאמלט א גרופע מענשן׳ באלד
הייבט אן דער ייד א טראכט צו טאן: צי מיינט מען דאס ניט אים
אקארשט׳ צי וועט זיך סוף כל סוף ניט אויסלאזן דער כעס אויף
זיין קאפ׳ און עס טרעפט׳ אז דער ייד׳ בלייך׳ ציטערנדיג׳ הייבט
אן… יאָ׳ יאָ׳ הייבט אן צו לויפן׳ נאך אים לויפן נאך אנדערע
צעהן יידן׳ לויפן שוין באלד הונדערט׳ ווי דערשראקענע שעפסן׳
און ניטאָ מיט וואס זיך צו שעמען׳ און עס איז די גרעסטע מאס פון
פרעכהייט פון דער מערהייט׳ ווען זי זאגט: דער ייד איז א פחדן׳
ווען זי זאגט׳ טייטלענדיג מיט דעם פינגער: הא׳ זעהט׳ ווי דער ייד
לויפט׳ געוויס׳ ער האט זעהר א ערנסטן גרונט דערצו׳ ביטערע
ערפארונג׳ אויסגעליטענע ברוטאליטעט׳ אבער לויפנדיג׳ זאגט ער

זיך קיינמאל ניט אינגאנצן אָפּ פון די פּאזיציעס: ער לויפט, אבער ער פאלט קיינמאל ניט. און ער קערט זיך אום און איזווידער דאָ. אזוי אין שפאניע, אין דייטשלאנד, אין דער אוקראינע, אין פוילן, אזוי אומעטום, אין דער גאנצער וועלט.

מען לויפט אפטמאל, ווייל מען ווערט געיאגט מיט בלוט און אייזן, אבער מען פאלט ניט. «נאר ניט פאלן», הער איך ווידער דעם פליסטערן פון יענעם באקאנטן ביים אראפשטייגן דעם וולאַ־דימיר־בערגל אין דער הייליגער שטאט קיעוו, וואו מיט טויזענט יאר צוריק האבן די נאיווע געצענדינער מורא געהאט שפרינגען אין וואסער, ווייל מיט דעם נייעם גלויבן האבן זיי געמיינט נעמען אויף זיך אוממעגליכע התחיבותן, ווי ליבע, טאלעראנץ וכדומה.

אָ! געצענדינער, פארוואס האט איר מורא געהאט שפרינגען אין וואסער?... די יידישע געשיכטע פאר די צוויי טויזענט יאר איז דער בעסטער עדות, אז יענע התחיבותן האט מען ניט באדארפט נעמען צו ערנסט.

די געשיכטע פון דער גאנצער מענשהייט באווייזט עס, אבער די יידישע געשיכטע באווייזט עס בפרט. די יידישע געשיכטע, זינט דער צייט, ווען דער שיקזאל האט אויסגערופן: איך נעם א פאלק, וואס האט נאך דעם קרייזלויף זיינעם ניט דורכגעמאכט, איך נעם עס אינמיטן זיין גרויסער ארבעט, רייס עס ארויס פון אייגענעם באדן, צעשפרייט אטדי מינדערהייט צווישן די פרעמדע פעלקער, און זאג צו זיי:

ביטע, שטערט זיך ניט, זשענירט זיך ניט, טוט מיט דעם, ווי אייך ליב איז...

## II

אבער גרעץ, גרעץ! עס הייסט דאך, לויט דעם טיטל, אז מען וועט דא ריידן וועגן גרעצן, וואו איז ער? ער איז נאר אין זיינע צוועלף בענדער «די געשיכטע דער יודען», אלדאס איבעריגע

איז אומאינטערעסאנט. עס דערמאנען זיך היינעס ווערטער וועגן קאנטן, אז עס איז שווער צו שרייבן די געשיכטע פון קאנט'ס לעבן, ווייל ער האט נישט געהאט ניט קיין געשיכטע און ניט קיין לעבן...

אומאינטערעסאנט. געבארן אין יאר 1817 אין קסיאנז, א קליין שטעטל פון דער פראווינץ פויזן. ארימע עלטערן, ארימע, אבער גוטע קרובים, וואו דער דארשטיקער אויף וויסענשאפט יינגל ווערט אויפגענומען מיט צערטליכקייט. ביכער, ביכער, ביכער אן א אויפהער. ווי א מוראַוויי שלעפט ער אין זיין נאָרע, וואו ער געפינט נאר, א בוך, אלץ איינס וועלכעס. א לאטיינישע גראמאטיק, א ריטער־ראמאן, נאפאלעאנס ביאגראפיע, אווידיוס, האמער, וואָלטער, רוסא, אלץ שלינגט ער איין, אלץ נעמט ער אריין אין זיך.

ביז דא גאר ניט לאנג האט ליטע פארמאגט א גרויסע צאל אזוינע יונגע לייט. דורך די פענסטערס פון דער ישיבה קלינגט זייער אומעטיגער גמרא־ניגון, מען מיינט, אז נאר אין דער גמרא שעפט זיך אויס זיין נשמה. אין פארבארגענעם שטודירן זיי אבער שפראכן, לייענען אפיקורסישע ביכער, און אין איין פריהמארגן שטייען זיי פאר דער דערשטוינטער יידישער וועלט, אלס קענער, און בלאנדזען אוועק אין די אוניווערזיטעט־שטעט שטודירן. פון דעמזעלביגן טיפוס אויך גרעץ. א ישיבה־בחור, וואס פארליבט זיך אין בילדונג, אין ביכער, וואס פארגעסט עסן און טרינקען. אומגעוואוינליכע התמדה, אומגעוואוינליכע קראפט צום אויסהאלטן. ער ווערט דאָקטאָר. פירט באקאנטשאפט מיט אויפגעקלערטע, אבער נאך ארטאָדאקסע רבנים, מיט גרויסע אַווטאריטעטן פון דעם דאמאלסדיגן דייטשן יידענטום, ווי שמשון רפאל הירש, רב אין אלדענבורג, פרענקעל, רב אין דרעזדען א.א.וו. נעמט אנטייל אין דעם קולטור־רעלן און רעליגיעזן קאמף: מיטלמאָסיגן אנטייל. לערער. האט התונה, מיט דערזעלביגער, אויף וועלכער ער האט אמאל, צווישן דעם ביכער־שלינגען, געווארפן עטליכע ראמאנטישע בליקן. האט

א שטילן, געמיטליכן היים, דערשלאגט זיך ביז א פראפעסאר אין ברעסלאווער סעמינאריע. מיט איין ווארט, לעבט ווי טויזנט אנ־דערע פראפעסארן, לעבט דעם איינגעארדנעטן, רעגעלמעסיגן, לאנג־ווייליגן געזונטן לעבן, מיט דעם רעגעלמעסיגן פריה אויפשטיין און זעצן זיך ביים שרייבטיש. א שטודיענרייזע קיין פאלעסטינע, א רייזע קיין לאנדאן, דאס איז דאס איינציג ראָמאַנטישע אין זיין לעבן. ווייטער נאר פראפעסאר ווי טויזענטער אנדערע פראווינץ־פראפעסארן. אבער אינצווישן קומט עפעס ביז גאר וויכטיגס פאר. אין דעם משך פון פערציג יאר פריה אויפשטיין און זיך ביים שרייבטיש זעצן ווערן אנגעשריבן צוועלף גרויסע בענדער «געשיכטע דער יודען», וואס מאכט אים אומשטערבליך, ווייל ער איז דער איינציגער, וואס האט אט דעם אומגעוואוינליכן מאטעריאל געזאמלט, אריינגעבראכט אין זיין אומפארגלייכליכן ריזענווערק.

פריהער, אסך פריהער פאר אים האט א סימפאטישער, ציטערי־גער לערער, יאָסט, אויך א ווערק געשריבן אונטער דעם נאמען «געשיכטע דער איזראַעליטען». איזראעליטען? ווער זאל דאס זיין? אך, יענע, וואס האבן אמאל געלעבט אין לאנד כנען, מלכים גע־האט, מלחמות געפירט, נביאים, שטראפערס. נאר דאס איז דאך געוועזן אזוי לאנג, און שליסליך איז אומגעֶוואוינליכס אין דעם נישט פארהאנען. דען אומגעוואוינליכס הייבט זיך ערשט אן שפע־טער, ווען דאס יידישע פאלק האט אנגעהייבן וואגלען איבער דער גרויסער, אכזריותדיגער וועלט, האט אנגעהייבן אזוי פיל אויסצו־שטיין. איזראעליטען! דאס קלינגט עפעס צו סעקטענמעסיג און צו רוהיג און צו ווייט. די וועלט האט אבער געדריקט, פארפאלגט, באליידיגט יידן, די וועלט האט אויסגעלאכט יידן, דעם יידישן נא־מען געלעסטערט, אין מאינץ, אין ווארמס, אין טאלעדא, אין דער אוקראינע. און אומעטום האט מען געטויט, געברענט און געגזלט יידן, אפגענומען ביי זיי דאס גוטס, געצוואונגען צום שמד. אזראעליטען! עפעס צו אידיליש...

און גרעץ גיט זיין צוועלפבענדיגן ווערק דעם טיטל «געשיכטע דער יודען». אלע ווייסן, וועגן וואס עס האנדעלט זיך. וועגן די יידן, וועלכע אלע קענען, וועלכע אלע האבן פיינט, וועגן דיזעל־ביגע יידן, וועגן וועלכע מען פארשפרייט דיזעלביגע רכילות, ווי פאר פיל הונדערט יאר צוריק. די אנטיסעמיטישע פובליציסטן און פילאסאפן פון איצט זיינען נאר לעכערליכע און לאנגווייליגע ווי־דערהאלער פון געזאגטן איבער יידן שוין אמאל, גאר אמאל, גע־זאגט דורך די, וועלכע זיינען געוועזן שטארקער און דערפאר שלעכטער. קיין סימן פון אריגינאליטעט, קיין סימן פון עפעס נייעם. אלץ שוין געוועזן, אלץ שוין געזאגט. זאגאר, אז די יידן מיט דעם לייכטן סארקאסטישן טאן פארדארבן די טיפקייט, די ערנסטע שווערקייט און סאלידקייט פון דער ליטעראטור פון דעם פאלק, צווישן וועלכן זיי לעבן. זאגאר דאס האט מען שוין געזאגט. צוועלף בענדער! פון אנפאנג אן, פון דער וויג, פון די יארן פון דער קינדהייט, יוגענד, פון די גליקליכע יארן, ווען דאס יידישע פאלק האט געלעבט זעלבשטענדיג. האט געהאט זיין געשיכטע. אויף געוואוינליכער שפראך הייסט עס דאך: דער שטענדיגער בייט פון נצחונות און מפלות. קיין אויסנאם. ווי אלע פעלקער. באקו־מען קלעפ פון א פלוצלונג אנגעפאלענעם געגנער, אבער אויך מארגן אויפגעשטאנען מונטער און געלאזט זיך אין פעלד אריין, כדי די קלעפ צוריק אפצוגעבן. אין די צווישנצייטן אבער רוהיג געזעסן אונטער די פייגענבוימער, געוויס געהאט איבער זיך אפט שלעכטע קיסרים, אינטריגעס געפירט, געהערט געווערכטן מוסר פון נביאים, און, ווי דער שטייגער איז, זעלטן געפאלגט, ווי געוואוינליך ביי מענשן. אבער די הויפטזאך: ביי זיך געזעסן, אין די אייגענע טע־לער, אויף די אייגענע בערג. אבער נאר די ערשטע בענדער בא־שעפטיגן זיך מיט די נארמאלע צייטן, און, הגם אט די בענדער זיינען געשריבן געווארן מיט א אויסגעפוצטער «מליצה», און הגם, כדי זיי בעסער שרייבן צו קענען, איז גרעץ זאגאר קיין פאלעסטינע

געפארן, בלעטערט מען דורך אטדי עטליכע ערשטע בענדער איי־
לענדיג, אהן די שפאנענדע אויפמערקזאמקייט, ווייל עס ווארטן די
אנדערע בענדער, וואו עס ווערט דערציילט שוין די שרעקליכסטע
טראגעדיע פון א פאלק, ווען דער ברוגזדיגער גאט האט פאר־
משפט אויף נע ונד זיין. און, וואס מער מען לייענט זיך אריין,
פילט מען, אז ריכטיגער וואלט געוועזן אנשטאט «געשיכטע דער
יודען» שרייבן «טויזענטיאריגער מארטירֿאלאג פון א פארפאלגטן
פאלק», דען דורך דעם, וואס אטדאס פאלק איז פאראורטיילט נאר
קלעפ צו באקומען, אבער קיינמאָל נישט אין דער לאגע אויך
אמאל צוריק צו געבן, איז אטדער טיטל ריכטיגער און פאסט מער
צום ווירקליכן אינהאלט. דען אונטער «געשיכטע» פארשטייט מען
דאך געוואוינליך עטוואס גאר אנדערס. מען פארשטייט אונטער
דעם: «היינט דו, אבער דערפאר מארגן איך. היינט בין איך אונ־
טערן פערד, אבער, ליגנדיג אונטן, זייענדיג געטראטן, ווייס איך
דאך באשטימט, אז באלד, פיליכט מארגן שוין, וועט עס זיך אומ־
דרייען, און אויף דעם פערד, מיט דער שטאלצער מינע פון א זיגער,
וועל איך שוין זיצן». אט דאס איז אייגענטליך געשיכטע, אט דאס
איז די געשיכטע פון אלע איבעריגע פעלקער, פון דער מענשהייט.
קלוגע, ערפארענע סקעפטיקער רופן עס דערפאר אן «קאמעדיע».
פארהאנען אזעלכע, וואס מיינען, אז דאס שווערסטע, דאס אומאנ־
גענעמסטע, וואס א פארשטענדיגער מענש קען זיך נאר פארשטעלן,
איז... לעזן די געשיכטע פון דער מענשהייט. אפילו די שענסטע,
די גלענצענדסטע עפאכע, רייך מיט קולטור און גייסט, ווען מען
באטראכט זי טיפער, רופט ארויס א געפיל פון ווידערווילן. די
בילדער פון דער רענעסאנס־עפאכע, וואס זיינען צעשפרייט איבער
די מוזייען און קונסט־גאלערייען פון דער גאנצער וועלט, מאכן
דעם אמת פיינפילנדיגן מענשן ניט אפעטיטליכער די רענעסאנס־
צייט מיט איר ברוטאלן ענערגיזם, מיט די פויפסטן, וואס האבן
ליב האלטן אין דער האנט בעסער דעם שווערט איידער דעם

הייליגן ספר׳ מיט די קליינע און גרויסע קיניגן׳ הערצאגן׳ גאנ־פּאַלאניערן׳ אלע באשמוצט מיט בלוט׳ בגידה׳ יעדער אויף זיין געוויסן קרבנות אהן אַ צאָל׳ אומגעבראכטע דורך גיפט׳ דורך מעסער אין א טונקעלער געסל. ניין׳ מען דארף האבן א שטארקן מוט׳ א אומגעוואוינליכן אפּטימיזם׳ אום אפּגעבען זיך מיט לייענען געשיכטע.

איך געניץ יעדעס מאל – שרייבט מאזעס מענדעלסאהן – ווען איך לייען עפּעס פון געשיכטע. «געניץ»: ווי מילד׳ ווי ווייך זיך אויס־געדריקט. ניין׳ ווי אָפּט ווילט זיך אויפשפּרינגען אין כעס׳ ווי אפּט באפאלט דער פּעסימיסטישער געדאנק׳ אז עס זיינען אזוי ווייניג פּאר־האנען האפּענונגען אויף דער צוקונפט׳ וויבאלד די פּארשריטן פון דער פּארגאנגענהייט זיינען געוועזן אזוי לאנגזאם׳ אזוי לאנגזאם׳ דורך טייכן בלוט׳ דורך דער גרעסטער בארבאריי. בעסער אויס־טראכטן זיך א אידעאלן מוסטער פון א מענשן׳ פון אים אנהייבן דאטירן די אנטוויקלונג׳ און נישט טראכטן וועגן דעם פּארגאנגענעם׳ א שטייגער׳ ווי איינער זאגט׳ ווען ער וויל אפּשטויסן פון זיך דאס אומאנגענעמע: גענוג׳ מיר וועלן בעסער וועגן דעם נישט ריידן. «זאגט דאך מיר׳ ליבסטער פריינד – שרייבט ווייטער מענדעלסאהן –׳ ווי זאל איך אנפאנגען׳ ווען איך וויל וועלכן עס איז באגריף האבן פון דער געשיכטע פון דער אלטער און דער נייער צייט. איך האב ביז איצט די געשיכטע גערעכנט מער פאַר אַ וויסענשאפט פון דעם בירגער אלס פון דעם מענשן׳ און געגלויבט׳ אז א מענש׳ וואס האט ניט קיין פאטערלאנד׳ קען זיך קיין שום נוץ ניט פארשפּרעכן פון דער געשיכטע» (קייזערלינג: מאזעס מענדעלסאהן). א מענש האט אין דער געשיכטע קיין זאך ניט צו זוכן׳ בעזונדערס א מענש׳ וואס האט ניט קיין פאטערלאנד׳ דאס הייסט א ייד׳ דאס הייסט ער׳ מאזעס מענדעלסאן פון דעסוי׳ וועלכן מען האט ניט געוואלט אריינלאזן דורך דעם ראזענטאלער טויער קיין בערלין׳ ער׳ מענ־דעלסאן׳ א בקיא אין אלטע יידישע ספרים׳ א קענער אויסווייניג

אלע תפילות, אלע פיוטים, אין וועלכע עס ווערט דערציילט, וואס יידן האבן געהאט אויסצושטיין. מען פארשטייט זיין ווידערווילן קעגען דער געשיכטע. א מענש האט דארטן ניט וואס צו זוכן. בעסער וועגן דעם ניט ריידן.

און דאך מוז מען עס וויסן, מען מוז די געשיכטע קענען, מען מוז וויסן, וואו מען האלט. מענדעלסאן האט די געשיכטע פון זיין פאלק געקענט, ווייל ער איז אין גאנצן געוועזן איינגעטונקט אין יידישקייט, געוואוסט וועגן די גזירות, בלבולים, פלוצליכע ישועות, געוואוסט אלע צרות, באקלאגט אין די תפילות. אבער זיינע קינדער און דער גאנצער קרייז פון יענע אויפקלערונגס־יארן, די גייסט־רייכע יידישע טעכטער, וואס האבן געהערשט אין די בערלינער סאלאנען, האבן ניט געוואוסט, האבן אזוי צו זאגן געלעבט «געשיכטלאז». דער פראצעס פון יענער צייט איז געוועזן א נויט־ווענדיגקייט, נאר אטדער פלוצליכער ראדיקאלער אפרייסן זיך פונם יידישן און פון דעם יודענטום, דאס אזוי ניט־אנונג־האבן פון דער יידישער געשיכטע, די געשיכטע פון אייגענעם פאלק, פון זיין פאר־גאנגענהייט, פון זיינע אומגעוואוינליכע ליידן, פון דער שולד פון די שטארקע, פארטונקלט באדייטנד דעם גלאנץ פון די העלדן פון דער אויפקלערונג נאך מענדעלסאנס צייטן. ווען אזא «געשיכטע דער יודען», ווי גרעצס, וואלט געוועזן אין די צוואנציגער יארן פון 19 יארהונדערט, ווען צווישן דעם דייטשן יודענטום וואלטן דאן געוועזן פארשפרייט אזוינע בענדער מיט כראניקעס פון מארטירער־טום, איז זעהר מעגליך, אז אין די סאלאנען וואלט נישט געהערשט אטדי גרויסע קולטורפרייד. אלענפאלס רחל ווארנהאגען, געבארן לעווין, די איינציגע, וואס האט פארמאגט אזוי פיל יידישן חן, יידישן אומעט, וואלט זיך אין איר קולטור־פאטאָס אביסל געמעסיגט, זי, וועלכע האט מעלאנכאליש איינמאל באמערקט: «די מענשען זינד גוט, אבער זי טויגען ניכט», אַך! רחל׳ע, די מענשן זיינען אויך ניט גוט. ליידער, ליידער.

וואס איז פון דעם, וואס פילע בענדער פון גרעץ זענען ניט מסוגל שטארקן אין אונז דעם גלויבן אין אמת, אין יושר, אין פאר־נונפט? אדרבא, פארקערט, מען איז פארצווייפלט פון אזוי פיל רשעות אויף דער וועלט. אבער מען דארף עס וויסן, מען דארף וויסן, וואו מען האלט. קיינע אילוזיעס. דעם ריינעם אמת.

לייענענדיג גרעצ׳ס געשיכטע, ווייס מען אבער נישט נאר דאס אליין, נאר אויך, ווי דאס יידישע פאלק האט באוויזן העלדישקייט אין דעם אויסהארן, געטריבן, געיאגט, האט עס באלד ערגעץ אנדערשוואו אויפגעשלאגן זיינע געצלטן, און, ווען די שלעכטע צייטן זיינען אריבער, האט ער זיך ווידער אומגעקערט צו דער פריהערדיגער ארבעט און מיט דער ענערגיע אין האנדל, אין וויסענ־שאפט פראקלאמירט: מיר זיינען ווידער דאָ, הערט איר, ווידער!

און אויך ווייסן מיר פון זיין געשיכטע, אז ווען מען וואלגערט זיך ארום איבער אכסניות, ווען מען איז שטענדיג אין דער פרעמד, שטענדיג נע ונד, ווערט מען פארשטויבט... אויך די נשמה ווערט אביסל פארשטויבט... גרעץ פארדעקט נישט די פעלערן פון זיין פאָלק. אסך פעלערן פון דער פארגאנגענהייט האבן נישט אויפגע־הערט עקסיסטירן נאך איצט, אבער דאס מערקווירדיגע איז, וואס דאס יידישע פאלק פאר דעם קלענסטן פעלער פון דעם קלענסטען יידישן קרייז אדער קלאס ווערט באלד אכזריותדיג באשטראפט. צוליב דעם שרייענדיגן לוקסוס פון יידישע גראנדן אין שפאניע זיי־נען אויסגעבערענט געווארן דורך דעם המון גאנצע יידישע קהלות. צוליב עטליכע וואוכערער האט מען אויסגעשטאכן טויזענטער יידן, געצוואונגען צום טויפן, פארקויפט אלס שקלאפן יונגע מענער און פרויען. דאס ווארפט דעם מארטירער־שיין אויף דאס יידישע פאלק, וועלכע – זעלטזאם – אין די גליקליכע ווי אין אומגליקליכע גלות־יארן הערט נישט אויף צו האפן אויף עפעס אומגעוואוינליכעס, אויף דער גאולה, און איז שטענדיג גרייט אוועקווארפן אלע געשעפטן און גיין אהין, פון וואנען עס קומען די שטימען. שבתי צבי, האלב

שווינדלער, האלב נביא, טרייסעלט אויף מיטאַמאָל די גאנצע יידישע וועלט·

וועגען דעם אלץ דערציילט אונז גרעץ אין זיין ריזנווערק, אין זיינע צוועלף בענדער «געשיכטע דער יודען»·

III

ניט אלעמאָל דערציילט ער מיט דער קראפט, וועלכע דאס טעמא פאדערט· אפטמאל איז ער נאר א באשרייבער דארט, וואו מען וואלט באדארפט האבן די מעכטיגע שטימע פון א באאומרוהיגטער, אויפגעשיטלטער נשמה· אויב אבער די שילדערונג, די באשרייבונג מאכט דאך אויף אונז א איינדרוק, און זאגאר זעהר א שטארקן, איז עס דערפאר, ווייל··· א רוסישער שריפטשטעלער האט אמאל וועגן זיך געזאגט: «זאל זיין, אז איך בין ניט טאלענטפול, אבער מיין טעמא איז א טאלענטפולע»· אויב אפילו שוואכע שטעלן, געשריבען דורך א אהנמעכטיגער פעדער, ווירקן אויף אונז, איז עס דערפאר, ווייל די יידישע געשיכטע איז א צו טאלענטפולע טעמא··· א יידישער קארלעיל, א יידישער מישלעֶ און א יידישער מאמסען וואלטן געפונען פאר זיך גענוג מאטעריאל, גענוג געשטאלטן און די וועלט־ליטעראטור וואלט באַרייכערט געווארן דורך אומפארגלייכליכע שילדערונגען·

איך לעז ביי גרעצן די שילדערונג וועגען דעם דיספוט אין טארטאסא· פון איין זייט די יידישע נאטאבלען און פון דער אנדערער זייט דער פויפסט, א פאנאטיזירטער מאָנאַך, א יידישער רענעגאט מיט גליהענדיגן האַס צו אלעם יידישן· א געצוואונגענער דיספוט· א דיספוט, צו וועלכן מען שלעפט מיט גוואלד· איין צד האט אויף זיין זייט אויסער די ארגומענטן פון דעם רענעגאט אלע מאכט־מיטלען, דראהונגען מיט צוואנגסטויפן, דראהונגען מיט בארויבן דאס פארמעגן· מיט דעם טויט· די יידישע נאטאבלען, איידער זיי גייען צום דיספוט, פילען אן דעם בית־מדרש מיט תפילות צום

יידישן גאט, ער זאל העלפן, העלף! ראטעווע! דער דיספוט זעלבסט, דאס ציטעריגע אויפטרעטן פון די יידישע נאטאבלען, דער וואקלדיגער מוט, אבער אין דעם לעצטן מאמענט, ווען עס גייט אום גלויבען, דאך מוט, זיילן־שטארקייט. די אהנמאכט אויף איין זייט, און געוואלד אויף דער אנדערער. אויך ביי גרעצן איז עס שטארק, אבער ביים לייענען האב איך ניט אויפגעהערט צו טראכטן: וואס וואלט פון דעם געמאכט די פעדער פון א יידישן קארלעיל? ווי טיף וואלט זיך איינגעגראבן אין דער נשמה אטדאס בילד, פון גרויסן מייסטער געמאלט. און נאך ביי אנדערע באשרייבונגען טראכט איך: וואו נעמט מען א יידישן מאמסען, און ווי שאָד, וואס עס פעלט א יידישער מישלעָ מיט זיין געוואלדיגער באריידעוודיקייט, מיט דעם אומבאזיגבארן קוואל פון פיינסטער רעטאריק.

אבער שליסליך זיינען אלע אט די «וועננ׳ס» פוסטע רייד. באזונדערס איז עס פוסטע רייד, ווען דאס גרויסע ריזנווערק איז שוין דא. שטייט פאַרטיג. דאן איז עס געוואוינליך א לייכטע ארבעט פאר דעם באטראכטער פון פארטיגער ריזענארבעט געפינען דעם אדער יענעם פעלער. געפינען, אז גרעץ איז ניט גענוג טיף, האט, צום ביישפיל, אבסאלוט ניט פארשטאנען אזא וויכטיגע גייסטיגע באוועגונג, ווי חסידות, שרייבט וועגן קבלה ניט אזוי, ווי מען וואלט באדארפט שרייבן. אפט איז ער הילפלאז, מען זעהט, אז עס פעלט אים איינפאך קראפט, עס פעלן פארבן, ער וואלט וועלן די פאר־פאלגער, די פייניגער פון זיין פאלק אויף אייביג פארדאמען, פאר־משפטן מיט ווערטער, וועלכע מען זאל אייביג געדענקען, אבער עס פעלן אים די ווערטער. וואו נעמט מען זיי? ער איז שטום. ער רעדט, ער באשרייבט אבער דאך שטום, און דאן, אין דער גרעסטער הילפלאזיגקייט, האט ער נאר בכח אויסצושרייען: «דער וויטערָיך».

און נאך אויף אסך זאכן קען מען אנווייזן, ווייל, ווי געזאגט, עס איז נישט שווער, נאכדעָם, ווי דאס מעכטיגע געביידע איז פארטיג, קומען און אנווייזן, אז דא און דארטן געפינען זיך דעפעקטן.

אבער די ריזנארבעט, די ריזנארבעט, ווער האט זי געמאכט? די נאטור האט געמיינט מיט גרעצן נאר נאָך איין פראפעסאר צו פילע טויזנט אנדערע פראפעסארן, וואס לעבן זיך אפ זייער לאנגן, געוואוינליך העכסט רעגולערן לעבן, כדי דערנאך צו פארזינקען אין דער פארגעסענקייט. האט גרעץ קאריגירט אט דעם ערשטן פלאן. פערציג יאר נאכאנאנד איז ער אויפגעשטאנען זעהר פריה, שטענדיג אין איין און דערזעלביגער צייט אונה אט געשריבן זיין אומשטערבליך ווערק, האט זיך פאראייביגט אין זיין «געשיכטע דער יודען» אין זיינע צוועלף בענדער.

# בנימין דיזראַעלי־ביקאנספילד.

## I

ווען בנימין דיזראַעלי האט געזעהען, ווי זיינע ביכער האבען א גרויסען ערפאלג, האט אין אים דאך ניט אויפגעפלאַקערט דער איינציג איידלמוטיגער ערגייץ: ווערן ענגלאנדס בארימטסטער שריפט־שטעלער. ניין, זיינע אויגן, פול מיט פייער פון דער הייסער שפאניע, האבען געזוכט דעם ארט, וואו עס שטייט דער פרעמיער־שטול. ער האט בעסער געוואלט זיין דער ערשטער מיניסטער פון א גרויסער מלוכה, איידער זיך פאראייביגן אין ביכער. אין זיין צייט האט אין ענגלאנד געווירקט אזא ערהאבענער גייסט, ווי קארלייל, וועלכער האט צווישן א סך אנדערע לעבנסחכמות געלערנט אויך די חכמה וויניגער אפגעבן זיך מיט דעם, וואס איז פארגענגליך, און דערציהען אין זיך די שיינע פעהיגקייט זיך באגייסטערן מיט דעם, וואס איז אייביג, וואס פארגייט קיינמאל ניט. וואס איז דער כבוד פון דעם גרעסטן פעלדהערן, פון דעם שטארקסטן מלך, וואס איז די שטארקסטע מלוכה זעלבסט אין פארגלייך מיט דעם געני פון גייסט? האָמער לעבט נאך איצט, אבער וואו איז גריכענלאנד? זי איז געבליבן נאר אין די ווערטער, וועלכע זי האט געזאגט, אין די ווערק פון דעם אומשטערבליכן דיכטער. אט די דאזיגע התראה, פונקט ווי אסך אנדערע התראות פון חכמים און צדיקים, האט נאך קיינמאל ניט אפ־געהאלטן די פון זייער וועג, וועלכע ליבן דוקא דאס פארגענגליכע, די חיי שעה. און געוויס געהערט אויך דיזראַעלי צו דעם סארט מענשן, וועלכע פאר א באזונדער אומגליקליכן טאג אין זייער לעבן רעכענען זיי דעם, אין וועלכן זיי זיינען דורכגעפאלן אויף די וואלן

אין פארלאמענט. וויינינגער פון אלץ האט ער מסתמא פארשטאנען די באשיידנקייט פון א ספינאזא, ווען די שווערע ארבעט פון א ברילנשלייפער האט געשיינט אנגענעמער, ווערטפולער און צו דער ווערדע פון א שטילן, טיפן דענקער פאסנדער, ווי דער פראפעסאר־שטול, וועלכן א דייטשער קורפירסט האט אים אנגעבאטן...

יע, ווען, אמת, קיין באזונדערס טיפער גייסט און געוויס קיין חכם־הארץ, קיין פילאסאף, ציהט ער דאך צו אונזער אויפמערקזאמקייט נישט נאר איינפאך אלס טיפ פון א מענשן מיט גרויסע פעהיגקייטן און מיט אומערזעטליכן פאליטישן ערגייץ, וואס אנטוויקלט די גוואל־דיגסטע ענערגיע, כדי צו קומען צו זיין ציל. ווען נאר דאס, וואלט אפשר נישט געלוינט וועגן דעם אסך צו ריידן. עס זיינען דאך ניט זעלטן געוועזן פרעמיערמיניסטארן, וואס האבן אַ געוויסע צאל יארן קלוג, מיט ערפאלג געדינט זייער קיניג און דעם פאטערלאנד, גע־קעמפט, באַזיגט דעם קעגנער, און ווענס טאלאנט, ענערגיע האט דאך נישט געקענט דינען אלס שטענדיגע גאראנטיע, אז עס וועט ניט קומען אמאל א וואלקנדיגער טאג, ווען א אנדערער וועט זיצן אויף דעם פרעמיערשטול, און דער, וועלכער איז נישט לאנג געוועזן ! ער שטארקסטער אין דער מלוכה, וועט זיך מוזן באנוגענען מיט דער ראָלע פון א פארלאמענטסמיטגליד, וועלכער שטעלט, אין נאמען פון זיין פארטיי, דעם מיניסטער א אנפראגע? ניין, אזוי איינפאך איז אטדער פאַל ניט. עס איז ניט נאר א לאנגע קייט פון עטאפן אין דעם לעבן פון א פאליטישן טוער, וואס צווינגט אונז בלייבן א ווײלע און צוקוקן זיך צו דעם ביטערן קאמף, צום ערשטן ערפאלג, צום זיג, וואס ברענגט צו דער העכסטער שטופע און, ווי כמעט אלעמאל דערנאך, צו דעם אומפארמיידליכן אראפשטייגן. עס איז איינער פון ישראלס שטאַם, וואס האט אזא גלענצנדן וועג געמאכט, א צוגעהעריגער צו יענעם גערודפטן פאלק, וואס האט ערשט מיט צוויי הונדערט יאר צוריק באקומען די ערלויבניש באזעצן זיך אין ענגלאנד.

«היות ווי איך, איינער פון די נידעריגסטע אונטער די יידן, האָב געמאַכט דעם נסיון, אַז דורך גאָטס חסד מיט אונז זיינען אַ סך בכבודיגע און באַרימטע מיט זייער פרומקייט און מאַכט פּערזאָנען דורכגעדרונגען מיט אַ ריינהאַרציגן און טיפן מיטלייד צו אונז און טרייסטן אונז מיט דער נאָהנטער גאולה פון עם־ישראל, דערוועג איך זיך, אין מיין נאָמען און אין דעם נאָמען פון מיינע ברידער, צו דערלאַנגען מיין אונטערטעניגע בקשה צו אייער הויכקייט, אַז גאָטס גרויסער און הייליגער נאָמען זאָל קענען געלויבט ווערן און געריימט ווערן אויף דעם גאַנצן שטח פון אייער רעספּובליקע, און אַז מען זאָל פאַר אונז באַשטימען ערטער אין אייער לאַנד, וואו מיר זאָלן קענען האָבן אונזערע בתי־מדרשים און פריי מקיים זיין אונזער אמונה».

אַזוי איז געווען געשריבן אין דער בקשה, וועלכע דער אַמסטער־דאַמער רב ר׳ מנשה־בן־ישראל, אַ טדער מיסטיקער און גלייכצייטיג קלוגער פּאָליטיקער און ענערגישער שתדלן, האָט אין 17־טן יאָרהונ־דערט דערלאַנגט קראָמוועלן. אין זינען האָט ער געהאַט, ווי באַקאַנט, אייגנטליך נאָר דאָס קומען פון משיחן. די יידן איז עס געגאַנגען אין אַמסטערדאַם גאַנץ גוט, די נידערלענדישע רעֶספּובליקע האָט זיך זאָגאָר שטאַרק געבלאָזן אויף דעם אומערמידליכן רב פאַר זיין סטאַרען זיך נישט אַנדערש ווי שאַפן אַ יידישן ישוב אויך אין ענג־לאַנד. עס איז געווען איינער פון יענע מערקווירדיגע מאָמענטן אין דער יידישער געשיכטע, ווען נישט נאָר טאָלעראַנץ, נאָר אויך די מאַטעריעלע אינטערעסן פון דעם אָדער יענעם פאָלק האָבן גע־פאָדערט אַ גוטע, פריינדליכע באַציהונג צו יידן. קורץ, יידן זיינען געוואונשן, יידן זיינען טייער, מען דאַרף זיי האָבן, האָלאַנד בעט זיך: בלייבט. מען דאַרף ערגעץ ניט פאָרן, איר זיינט אונז ניט שווער... אָבער מנשה בן ישראל ווייס זיינס, ער ווייס, אַז משיח קען נאָר דאַן קומען, ווען אויף יידן וועט מקוים ווערן אַפריהער דאָס צעזייט און צעשפּרייט זיין איבער דער גאַנצער וועלט.

צעזייט און צעשפרייט זיינען זיי שוין, אומעטום זיינען זיי שוין געוועזן, אומעטום, אבער ניט אין ענגלאנד. ענגלאנד פעלט צום רומל. אט דאס פעלן האט די גרעסטע פאלגן. משיח קען ניט קומען, דאס יידישע פאלק קען ניט אויסגעלויזט ווערן, דעריבער די גרויסע באמיהונגען פון ר׳ מנשה בן ישראל, דעריבער זיין בעטן זיך ביי די ענגלישע פוריטאנער, ביי קראמוועלן, וועלכע האבן זיך צו פיל אנגעלייענט די ביבל און דערפאר ניט געקענט ניט פילן א סימפאטיע צום אלטן פאלק.

לייכט איז עס אבער דאך ניט געוועזן מיט דעם ארייננלאזן אין ענגלאנד, נישט קוקנדיג אויף די פילע פריינד, וואס יידן האבן דאמאלס דארט געהאט. האט נאך דערזעלביגער ר׳ מנשה בן ישראל נישט געמוזט אנשרייבן א פארטיידיגונגס־בוך, אין וועלכן ער באַווייזט, אז אלץ, אין וואס די שונאי־ישראל באשולדיגן, איז ליגן, געמיינע רכילות? און הייבט זיך ניט אן דאס בוך מיט די ווערטער: קודם כל מוז איך מיט ביטערע טרערן און מיט א פארקלעמטער האַרץ באוויינען דעם בלבול, וואס אייניגע קריסטן טראכטן אויס וועגן די צעשפרייטע יידן, וואס וואוינען צווישן זיי, אז זיי באנוצן (איך ציטער, ווען איך שרייב דאס) צום באקן מצות אויף פסח בלוט פון קריסטן, וואס זיי הרגענען צוליב דעם (ר׳ מנשה בן ישראל, ישראלס רעטונג). ניין, גאר לייכט איז עס ניט געוועזן מיט דעם ארייננלאזן יידן אין ענגלאנד, ניט אלע זיינען געוועזן פוריטאנער, אבער דאך, מען האט שליסליך אריינגעלאזן, עס זיינען אנטשטאנען יידישע געמיינדן אין ענגלאנד; מאדנע איז נאר, וואס משיח, וועלכן, דאכט זיך, קיין זאך האט שוין ניט געשטערט צו קומען, האט עס דאך ניט געוואלט בשום אופן טאן, און די יידישע קליינע געמיינדן אין ענגלאנד איז גאר אנדערש ניט געבליבן, ווי דערווייל, ביז דער הייליגער פסוק וועט מקוים ווערן, ערפילן די ראָלע, וועלכע דער גורל אין גלות האט צוגעשריבן: אנטוויקלען דעם האנדל, די אינדוסטריע, באנקען גרינדן. יידן פארדינען

דערבײַ, האָבן פּרנסה, און די מלוכה ווערט אויך נישט אָרעם, און...
יידן קענען דאַנקבאַר זײַן: די פון ווענעציע שטאַמענדיגע, און פיל שפּעטער דערנאָך אין ענגלאַנד אײַנגעוואַנדערטע יידישע פאַמי־ליע דיזראַעלי שענקט ענגלאַנד אַ פּרעמיער־מיניסטער, וועלכער האָט פיל מער, ווי אַנדערע, פאַרהאָלפן דער בריטישער מלוכה זיך אויס־צושפּרייטן און ביז גאָר מעכטיג ווערן.

אָפּשטעלנדיג זיך בײַ דער ערשײַנונג לאָרד ביקאָנספילד, קען מען דערפאַר קיינמאָל ניט פאַרגעסן דעם בנימין דיזראַעלי, דעם גאַנצן משך פון די צוויי־הונדערט יאָר, וואָס זײַנען פאַרלאָפן, זינט די יידן האָבן באַקומען די ערלויבניש זיך באַזעצן אין ענגלאַנד, מען קען נישט פאַרגעסן ר' מנשה בן ישראל'ס טרוימען, זײַן גרויס באַמיהען זיך בײַ קראָמוועלן, זײַנע פאַרטיידיגונגס־שריפטן, מען קען און מען דאַרף עס אויך ניט פאַרגעסן, ווען מען באַגלײַט אין גע־דאַנקען דעם בנימין דיזראַעלי אויף זײַנע עטאַפּן פון דער גלענ־צענדסטער קאַריערע, וועלכע מען קען זיך נאָר פאָרשטעלן.

## II

זי ווערט געמאַכט, אָדער קאַריערע, פון אַ מענשן, וועלכער האָט ניט געירשנט שלעסער און יאַגד־פּאַרקן, וועמענס אבות האָבן ניט געהערט צו יענע גרויסע אדונים, וואָס זײַנען פאַרקערפּערט אין די ראָמאַנען פון וואַלטער סקאָט. דער קאַנדידאַט אויף די פּאַרלאַמענט־וואַלן, וואָס וויל טריאומפירן איבער זײַן קעגנער און אָפּשלאָגן פון אים זײַנע וועלער, פאַרמאָגט אַ געזיכט, וואָס איז ביז גאָר ראַסיג, איינע פון יענע געזיכטער, וועלכע מען פאַרלירט ניט אַפילו צווישן דער גרעסטער צאָל מענשן. מען קען עס ניט פאַרלירן, ווײַל אויף אים איז אָפּגעדרוקט דער שטעמפּל פון ווײַטע מזרח־לענדער, פון גליקליכע און אומגליקליכע יאָרן אין שפּאַניע, פון דעם געטאָ אין ווענעציע, עס האָט דעריבער, אָט דאָס אויסערסט ראַסיגע געזיכט, די ליניעס פון אַלטן שטאַלץ, אַ געזיכט, אויף וועלכן עס זײַנען גע־

בליבן סימנים פון גערירשנטער פארביטערטקייט, אבער גלייכצייטיג אויך פארקלערטקייט, וואס קומט פון אסך איינגעבייגן זיין איבער הייליגע ספרים. און גוואלדיג, גוואלדיג אינטערעסאנט איז עס דעריבער, ווי אט דער בנימין דיזראעלי שלאגט זיך דורך, אטדער פרעמדער, מיט פרעמדע ווייטע לענדער אין דער נשמה. זיין חוצפה, זיינע דעמאגאגישע וואלרעדן, דער אויסערליכער עפעקט אין דער קליידונג, די פארביגע וועסטן, די פילע רינגען, לאנגע זייגערקייטן, געגרייזלטע לאָקן, אטדי אלע מיטלען, מיט וועלכע דער ענערגישער קעמפער און שטרעבער דיזראעלי טרעט אויף, באַקומען א באזונדערן חן, ווייל ד'אס שפיל איז ביז גאר אינטערע־סאנט. און אויך דער שפילער. עס איז אינטערעסאנט צוצוזעהען, ווי א ייד שלאגט זיך דא דורך... בראווא, דיזראעלי! דיין שטול אין פארלאמענט איז געזיכערט.

זיין ערשטע רעדע דארט ווערט באגעגנט אַפריהער מיט איראָ־נישע באמערקונגען, דערנאך מיט א גאנץ קלאָרן פארשטיין־צו־געבן, אז מען וויל אים ניט הערן. ווייל דער רעדנער אבער פארלירט זיך גאר ניט, בלייבט קאלטבלוטיג, הייבט מען אן הויך צו לאכן, מען פייפט, מען קלאפט איבער די שטענדערס, מען מאכט אים די שארפסטע אבסטרוקציע. געוויס, אין ענגלאנד זיינען געוועזן אסך פוריטאנער, מען לעזט דארט אסך די ביבל, זיכער כמעט, אז די אבסטרוקציע האט געהערט נאר דעם פאליטישן קעגנער, וועלכער האט גערייצט מיט זיין איבערטריבענעם דענדיזם, אבער גלייכציי־טיג... גלייכצייטיג שוועבט אויף, ניט ווילנדיג, די געשטאלט פון דעם טומלדיגן, געשעפטיגן, זעהר סימפאטישן מנשה בן ישראל מיט זיין בעטן זיך, איינריידן קראמוועלן, ארייננלאזן זיינע ברידער יידן אויף א ווײלע נאר, ביז דער הייליגער פסוק וועט מקוים ווערן, ביז משיח וועט קומען. עס דערמאנען זיך זיינע פארטיידיגונגס־שריפטן, און אז גאר לייכט מיט דעם אריינלאָזן אין ענגלאנד איז עס דאך אויך ניט געוועזן, און הא! ניט אלע זיינען דאך פוריטאנער, ניט אלע

לעזן די ביבל, און ביי דעם גערעסטן רעספעקט פאר דער טאלעראנץ פון די הערן פארלאמענטס־מיטגלידער, פארשטיי איך ניט, פארוואס זאל ניט געמאלט זיין, אז מיט דעם פייפן און לאכן האט מען אויסער דעם פארטיי־קעגנער געמיינט נאך איינעם: דעם, וועלכער פארמאגט אזא ראסיגן פנים, אויף וועלכן עס איז אפגעשטעמפלט דער ווייטער מזרח, די גליקליכע און אומגליקליכע יארן אין שפאניע, און דאָס געטא אין ווענעציע, וואו שיילאָק איז ארומגעלאָפן ווי א פאר־וואונדעטע חיה, געריסן זיך פאר די האר און געשריען: דזשע־סיקא, דזשעסיקא!...

דיזראעלי האט באגעגנט דאס לאכן רוהיג, מיט גרויס געדולד, מיט צו פיל געדולד, ער האט געמאכט זאגאר תנועות, געזאגט, אז ער פארשטייט, אז זיין לאגע איז פארצווייפלט, סוף כל סוף האט דאך ניט אויסגעהאלטן און, איידער ער האט פארלאזן די טריבונע, מיט גרויס פאטאס אויסגעשריען: «עס וועט קומען א צייט, ווען איך וועל אייך צווינגען מיך אנצוהערן».

ווען מען לייענט וועגן אטדער סצענע אין פארלאמענט, שטעלט מען זיך פאר, ווי אויף דיזראעליס געזיכט קומט פאר א שפיל פון פארשיידענע אויסדרוקן. שטאלץ, פארביטערט, פארקלערט. מער אבער פארביטערט, מיט א קנייטש אין די ליפן־ווינקלען, וואס איז פול מיט פאראכטונג צו זיינע קעגנער, און, ווי מאדנע, מאדנע: עס דוכט זיך, אז מען הערט שיילאָקן, טענהנדיג:

«איך בין א ייד. האט דען א ייד ניט אויגן? האט דען א ייד ניט הענט, ארגאנען, חושים, נטיות אא״וו».

עס איז געוויס קאמיש אזא פלוצליכע אסאציאציע, געוויס קומט אטדי סצענע פאר אין דעם טאלעראנטסטן פארלאמענט פון דער וועלט, און דאך, עס שיינט פארט, פונקט ווי עס קלינגען די ווערטער פון דעם ווענעציאנישן סוחר: «ווען איר באליידיגט אונז, זאלן מיר קיין נקמה ניט נעמען»?

## III

אין אנפאנג פון דיזראעליס פאליטישער קאריערע האט א לארד אים געפרעגט: «וואס וואלט איר וועלן זיין»? «ערשטער מיניס־טער», האט ער געענטפערט. און עס דוכט, אַז מיט די ווערטער האט ער פאלגענדעס אומגעפער געמיינט: «מילא וויבאלד מיר, דעם אויסוואנדערער פון שפאניע און דעם מזרח־קינד, איז באשערט צו טעמען מיט אייער נעפלדיגער לאַנדאָנער לופט און מישן זיך אין אייערע פאליטישע עסקים, אויס דאנקבארקייט פאר דעם אריינגעלאזן זיין מיט צוויהונדערט יאר צוריק, און אויך אויס א גרויסער מאס ערגייץ, וואלט איך שוין וועלן מיין קאריערע דורכמאכן וואס שנעלער, און אויף אזא אופן נעמליך, אז ביי דעם סוף פון אטדעם לויפן זאל איך זיצן אויף דעם העכסטן פאסטן. דערפאר גיב איך אייך אפ: מיין טאלאַנט, מיין זודיגן מזרח־טעמפעראמענט, מיין סארקאזם און מיין ענערגיע, איך האב געוויס ענגלאנד ליב, אבער איבער די הייליגסטע ווינקלען פון מיין נשמה קען ענגלאנד ניט הערשן, ווארום מיין נשמה איז צוזאמענגעשטעלט פון טרוימען, מיט וועלכע עס האבן זיך ארומגעטראגן א מנשה בן ישראל, א שבתי צבי און פילע, פילע אנדערע, מיין נשמה איז דער היכל פון דערי־נערונגען, וועלכע זיינען אזוי ווייט און פארשיידן פון די דערינע־רונגען פון די אייניקלעך, וועמענס זיידעס האבן געוואוינט אין די שאטלענדער שלעסער און וועמענס העלדישקייטן זיינען באשריבן אין וואלטער סקאטס ראמאנען. בעסטן דאנק פאר די גאסטפריינד־שאפט. חרטה צו האבן האט איר דאכט זיך קיין גרונט ניט, מיר האבן זיך, אמת, פארהאלטן אין ענגלאנד אביסל לענגער, ווי עס איז געדאכט געווארן פריהער, ווייל משיח איז ניט געקומען, אבער צו־לייגן צו אונז האט איר ניט צוגעלייגט. איך, א דורכוואנדערנדער ייד פון דעם ריאלטא, קען טריי דינען דער ענגלישער קיניגין און דערווייטערן, פארשטארקן איר מלוכה. איך האב דערביי זעלבסט־

פארשטענדליך אויך זיך ניט פארגעסן, איך האב געזעטיגט מיין אפעטיט פון ערגייץ, אבער פארזוכט ניט צו הערשן איבער די היי־ליגסטע ווינקלעך פון מיין נשמה. אויב איך ווילט זיך וויסן, וואס דארט קומט פאָר, וואס פאר א פייער דארט ברענט, טא זייט אזוי גוט און לייענט מיינע ראמאנען «טאנקרעד» און «דויד אלרעי». הויפטזעכליך «דויד אלרעי»...

אין דער מיינונג, אז אזוי האבן געמוזט אפט זיין זיינע געדאנקען, שטארקט אונז אויך די גאנצע גלענצנדע שילדערונג פון ביקאנס־פילדס פיגור, וועלכע בראנדעס האט געגעבן אין זיין בוך איבער אים, און ווי וויימוטיג־יידיש קלינגט דער סוף פון אטדעם בוך:

«איך בין געזעסן – שרייבט בראנדעס – און האב געטראכט וועגן אטדער וואונדערבארער קאריערע, ווען איך האב אין 1870 געזעהען און געהערט דיזראעלי אין ענגלישן פארלאמענט. דאס איז געוועזן צוויי וואכן נאך דער קריגסערקלערונג. דיזראעלי האט גע־פאדערט פון גלאדסטאנען, ער זאל וועגן דעם פארלייגן דאקומענטן, דער לעצטער האט באמערקט, אז ער קען דאס ניט טאן. מען פארשטייט דיזראעליס לערע וועגען ראסע, ווען מען באטראכט אטדי צוויי קעגנער, וואס האבן זיך געפונען איינער קעגן דעם אנדערן, ווארום ער איז געזעסן אין פארלאמענט אין פולסטן זין, ווי א פארשטייער פון א פרעמדן שבט».

זעהר מערקווירדיג! ביקאנספילד, וואס האט אזוי געהאלפן ענג־לאנד גרויס ווערן, איז דאך מיט דעם גאנצן אויסערן זיינעם, מיט דעם גאנצן טעמפעראמענט ניט מער ווי א אינטערעסאנטער עקזעמפלאר פון א פרעמדער, ווייטער ראסע. אזוי זאגט בראנ־דעס. זעהר אומפארזיכטיג פון א מענשן, וועלכער מיט זיין גאנצער לאנגער, לאנגער ליטעראַרישער און גייסטיגער טעטיגקייט וויל געבן צו פארשטיין, אז עס איז גארניט אזוי שווער קומען און ווערן א פראנצויז, א דענער, א ענגלענדער... זעהר אומפארזיכטיג פון בראנדעסן, אבער ביזגאר ריכטיג.

אנטקעגן גלאדסטאנען איז יענעם טאג געזעסן א אלטער, אלטער ייד מיט טיפע, אלטע ווארצלען אין א טיפער אלטער פארגאנגנהייט·

IV

וואס איז דער סוף אפילו פון דעם גרעסטן, ערפאלגרייכסטן פרעמיערמיניסטער? ער ווערט פארגעסן, אבער ווען מען פארמאגט געירשנטע יאגד־פארקן און אלטע שלעסער פון שאטלענדישע אבות, ווען מען וואלטער סקאט, דויערט דער פראצעס פון פאַרגעסן זיין אביסל לענגער· אבער ביקאנספילד האט נישט געלאזן קיין שלעסער אין ענגלאנד, און זיינע ביכער לייענט מען שוין אויך זעהר לאנג ניט, אויסער··· אויסער יידישע יונגע לייט מיט בלייכע פנימער, וואס האבן פארבלאנדזעט אין א אנטווערפען, לאנדאן, בערלין און, בלאנדזענדיג, זוכן זיי אויף די ביבליאטעק פון דער יידישער געמיינדע און נעמען ביקאנספילדס א בוך, דעם «טאנקרעד», דעם «דוד אלרעי», און מאנכע בלעטער אין ביקאנספילדס ביכער ברייטן אויס א פארב איבער די בלאסע באקן, א דאנקבארקייטס־געפיל שטייגט אויף צו דעם פארפאסער, און זיי לאזן אים ניט פארזינקען אין די וועלן פון פארגעסענהייט·

און אזוי קערט דער אויסוואנדערער פון ווענעציע, דער ייד דיזראעלי נאך א לאנגן פאנטאסטישן וועג צוריק אין די הערצער פון זיינע ברידער, די געטא־יידן, און ווערט דארט מיט פרייד עמפאנגען·

ווי א אייגענער···

# אפרים מיקאַעלי.

(פון דעם טאגעבוך.)

עס ליגן פאר מיר די לידער און דאס בילד פון אפרים מיקאַעלי, א דיכטער פון יידישער אפשטאמונג, וועלכער האט געשריבן אין פראנצייזישער שפראך. אין א עסע־בוך פון רעמי דע גורמאָן איז אויך דאָ א עסקיז וועגן אים. אפרים מיקאַעלי איז געשטאָרבן זעהר יונג. דער גרונדטאָן פון זיין פאעזיע איז אומעט, טרויער. פיל־לייכט איז דאס דער איינציג ריכטיגער טאָן. אלנפאלס פארלעצט עס וויי־ניגער, ווי ווען א מאדערנער דיכטער מאכט זיך פריילעך, הייכעלט קראפט, שטארקע לעבענספרייד, אלץ זאכן, וואס לאזן נאך זיך דעם איינדרוק פון עפעס געצוואונגענעס, אומנאטירליכעס, דען נאטירליך איז: לאזן רוהיג לויפן די טרערן פון דער נשמה. לאַמאַר־טין האט געזאגט וועגען זיך ביים סוף פון זיין לעבן: «איך האב געהאט א נשמה... פון מיין הארצן האבן זיך ארויסגעגעבן עטליכע, אויפריכטיגע געשרייען».

אייגנטליך איז עס גענוג. די פארנעמע פליכט פון דעם דיכטער איז ערפילט, די פליכט נעמליך אויסוויינען זיין טרער, וואס איז דאך גלייכצייטיג אויך די וועלט־טרער. אין אזא אומהארמאנישער צייט, ווי אונזערע, ווי לעכערליך איז עס שפילן מיט גריכנטום, מיט גאַנצקייט. גריכנטום? וואס פאר א אבסורד. גריכנטום, נאכדעם ווי שוין מיט איניגע הונדערט יאר צוריק נאך האט איבער דער וועלט דורכגעקלונגען דער אומעטיגער מאנאלאג פון דענישן פרינץ האמלעט, פון דעם צווייפלער און דעקאדענט.

און, איז א איצטיגער מענש צעבראכן, איז עס א ייד צוויי מאל. און אפרים מיקאעלי טרויערט:

ווי די נעפל אין הערבסט· וואס פארדיכטן דעם אוונט·
איז דער טרויער ארונטערגעשטיגן צו מיר·
א שווערע בענקשאפט קלאפט זיך היימליך אין דער טיר
און מיט פינסטערן אומעט פארסמט מיר די וואונדן·

און איך וויל גארניט פרעגן· וועגן וואס האסטו געטרויערט· דו ייד און ברודער מיינער· אפרים· אבער איך באַטראכט דיין געזיכט· וואס איז מיר אזוי נאהענט· א פיין געזיכט פון א אויפגעקלערטן ישיבה־בחור· וועלכער מיט א קליינעם בינטל אונטער די ארימס גנבעט זיך אין איין פריהמארגן ארויס פון וואלאזשין אדער מיעֶר און לאזט זיך אין דער גרויסער וועלט· ער וואנדערט מיט א נשמה איבערפילט פון האפענונגען און מיט א אומגעהייערער צאל באצילן אין דער קראנקער יידישער ברוסט· דערגרייכנדיג א גרויסן קול־טור־צענטר· דערגרייכנדיג «אייראפע» פאלט ער צו· ווי א דארש־טיגער· צו די רייכטימער און זופט· זופט···

מיר וויסן פון דיר גארנישט· אפרים מיקאעלי· מיר· דיינע קרובים· שליסליך דיינע ברידער· וועלכע ווילן ווירקליך פון דיר עפעס וויסן· ביסטו דער אייניקל פון יענע פראנצויזישע יידן· וועלכע מען האט אין סוף פון 14־טן יארהונדערט ערלויבט ווידער באזעצן זיך אין פראנקרייך נאר אויף צוואנציג יאר· דערנאך פאר־לענגערט דעם טערמין אויף צעהן יאר· דערנאך ווידער אויף זעכס· אבער שטענדיג מיט א טערמין· אפרים· שטענדיג מיט א טערמין· און אויב· ניט קוקנדיג אויף דעם· זיינען יידן דאך געבליבן אין פראנקרייך· איז עס דערפאר ווייל··· ווייל יידן בלייבן איבערהויפט· און דו ביסט זאגאר א שיינער פראצויזישער דיכטער געווארן· און רעמי דע גורמאן שרייבט וועגן דיר· דאס הייסט וועגן דיין דיכטונג· א ווארימען עסע· אבער קען ער דיך? איז ער אימשטאנד אויסצולייענען פון דיין געזיכט דאס· וואס איך לייען אויס? אָ! מיר פארשטייען זיך אויף דעם וואונק· מיר האבן דאך אונזערע סודות· אפרים· וועלכע נאר דו און איך און מיליאנען פון דיין שטאַם ווייסן·

אדער אפשר ביסטו א זון פון רייכע יידישע עלטערן, אויסוואנ־דערער פון פוילן, וועלכע זיינען רייך געווארן אויף דעם פרעמדן באדן, רייך געווארן און ביסלעכווייז, ביסלעכווייז ארויסגעווארפן, אפגעטרייסלט פון זיך דאס יידישע. דאס הייסט, זיי האט זיך נאר געדוכט, אז זיי האבן ארויסגעווארפן, אפגעטרייסלט פון זיך דאס יידישע. דען שטענדיג אין דעם פאל איז עס נאר, אז עס דוכט זיך. קענען אבער קען מען דאס ניט. יעדער טראגט דאך אין זיך גאנצע דורות. מען מיינט אין דער נארישער פארבלענדטקייט, אז מען איז אליין, אין אמתן אבער קלינגען אין דער נשמה דורות גאנצע זייערע מעלאדיעס. מען האט דיך ערצויגן, ווי א פראנצייז, מען האט פון דיר פארבארגן יעדע ערינערונג פון דיין שטאם און ראסע, און דו האסט עס דאך אין זיך געטראגן, דו, בלייכער, שוואכער, צארטער אפרים. דו ביסט געוועזן א ייד, ווען פילייכט זאגאר ניט ווינסדיג וועגן דעם, און ווען דיינע עלטערן האבן געפייערט דיין געבורטס־טאג, האבן זיי ניט געוואוסט, אז דו ביסט שוין צווייטויזנט יאר אלט. אין דער שול האט דער לערער ניט איין מאל זיך אויף דיר געבייזערט, וואס דו גייסט אביסל איינגעבויגן. אבער, ווי זשע אנדערש? אויף דיינע יונגע ענגע פלייצעס ליגט אזא שווערע לאסט פון דורות־ערינערונגען. יא, יא דו ביסט צווייטויזנט יאר אלט, דער גלות־עלטער פון יעדן יידן.

און דער טרויער פאסט אזוי צו דיין געזיכט. איך דערוויס זיך, אז דו האסט ליב געהאט זעהר פארטיפן זיך אין די ווערק און אין דעם גייסט פון ספינאזען. טרויסט ביי אים געזוכט? איינזאם געוועזן און געלאפן צו דעם, וועלכער האט געלערנט איינזאמקייט, אלערליי ליידן שטאלץ אריבערצוטראגן. איך ווייס נאך אנדערע, וואס האבן געטאן, וואס טוען דאס גלייכע. ניט דעם אמת זוכן, נאר איינפאך אפרוהען ביי א מענש, וואס האט געוואוסט, ווי אזוי קראנקהייטן, ליידן שטיל, מיט ווירדע אריבערצוטראגן. דען דאס איז דער סוף פון אלע חכמות, דעם אמת זאגנדיג, דאס אליין באדארפן מיר

ווירקליך, נעמליך וויאזוי מיט ווירדע ליידן אריבערצוטראגן. פלאָבער ווינט איינזאם אין גראָאַסע. «מיין איינציגע געזעלשאפט, שרייבט ער אין א בריוו צו זשארזש זאנד, באשטייט אין א חברה מייז, וואס מאכן א גיהינם אויף דעם דאַך, איבער מיין קאָפּ, ווען דאס וואסער ברויזט ניט, און דער ווינט ווייהט ניט. די נעכט זיינען שווארץ, ווי טינט, און מיך נעמט ארום א שטילקייט, ווי אין א מדבר». און דערפאר גייט ער צו ספינאזען, ער ווארפט זיך ארויף אויף ספינאזען. «וואס פאַר א געני, וואס פאַר א ווערק איז דאס די עטיק», שרייט ער אויס אין באגייסטערונג. איך ווייס, אז עס זיינען פארהאנען הויכע, פארבארגענע וועגן, איבער וועלכע עס גייען נאר מבינים און אויסדערוויילטע ליבהאבערס, און דאס איז דער וועג, וועלכער פירט צו שפינאזען, דאס איז אבער אויך דער וועג, אויף וועלכן מען איילט, ווען מען וויל זיך ראטעווען פון די נעכט, «וואס זיינען שווארץ ווי טינט», ווען מען וויל זיך ראטעווען פון דער איינזאמקייט... און פילייכט האט ספינאזא דאס גרויסע ווערק «די עטיק» געשריבען ניט נאר פון דארשט נאך דעם אמת, נאר אויך כדי באקעמפן די באצילן, וואס האבן מער פון צוואנציג יאר געפרעסן זיין קערפער...

דו האסט ליב געהאט צו לעזן ספינאזען, אפרים מיקאעלי, און איך ווייס, אז דו האסט דארט געזוכט די טיפע חכמה «אליין שלינגען דעם אייגענעם רויך». מיט ווירדע דאס ליידן אריבערצוטראגן. דאס נויטיגסטע, וואס יעדער, יעדער מענש ברויך.

עטליכע לידער, א באגריף פון דעם, וועלכע ביכער דו האסט ליב געהאט צו לייענען, די הויפטזאך אבער דיין בילד, וואס ליגט פאר מיר, און איך וועל לאכן פון די, וואס וועלן מיר זאגן, אז איך קען ניט דיין ביאגראפיע, אז איך ווייס ניט, ווער אייגנטליך דו ביסט, און ווי דו האסט זיך דורכגעלעבט דיין קורצן, זעהר קורצן לעבן. מער אלס גוט ווייס איך עס, און איך טראכט זעהר פיל וועגן דיר, און האב ליב דיין געזיכט, דיין פיינעס, טרויעריגעס געזיכט. עס רירט

מיך און באאומרוהיגט· אפילו דעם צילינדער טראגסטו ווי א פאר־קלערטער, פארחלומטער יידישער בעל־הביתל, וואס גייט שבת פון שול אליין, אן א זייט אביסל, פארזונקען אין מחשבות און טרוימען, דו ביסט אביסל ענליך צום יידישן דיכטער מאַנע, וועלכער איז אויך יונג געשטארבן·

א! וויפיל איך ווייס פון דיר, אפרים מיקאעלי, מער, ווי דיינע קאלעגן, די פראנצייזישע דיכטער, איך ווייס פון דיר אזוי פיל, ווייל מיר זיינען דאך פון דעמזעלביגן עלטער: צווייטויזנט יאר···

און מיר פארשטייען איינער דעם אנדערן אויפן וואונק, מיר האבן דאך אונזערע סודות, אפרים מיקאעלי···

# ספינאָזאַ·

## I

געלעזן א ראמאן פון אויסטרייכישן שריפטשטעלער קאָלבענ־הייער: «אַמאָר דעֵי»· ספינאזא־ראָמאַן· א שטילער׳ ביז גאר דורכ־געדאכטער׳ זייער צארטער און זייער טיפער ראמאן· א רייכע עפאכע אנטפלעקט זיך פאר דעם לעזער· האלאנד׳ וואו עס בליהט דער האנדעל און וועמענס זעגלשיפן שווימען איבער די ימען׳ האט אויך פארגניגן אין פרייגייסטעריי· אין די קליינע האלענדישע שטעט דרוקן זיך די פרייסטע טראקטאטן אין לאטיינישער שפראך׳ טראקטאטן׳ וועלכע מען קען ניט אהן א גרויסער געפאר דרוקן אין אנדערע לענדער· אבער וואס וואלט האלאנד געוועזן אהן אטדער פרעמדארטיגער דרום־בלום׳ וואס די שרעקן פון דער אינקוויזיציע האבן פארפלאנצט אויף זיין באדן· אנוויינענדיג׳ אנקלאגנדיג זיך גענוג אויף די טייערע קברים׳ זעגענענדיג זיך מיט דער זוניגער שפאניע׳ דער אזוי הייס געליבטער׳ האבן זיך די מאַראנען געלאזט זוכן א רוהיג׳ זיכער ווינקעלע אויף דער וועלט· קיינמאל אפשר האבן די ים־כוואַליעס ניט פארהילכט מיט זייער רוישן אזוי פיל טיפע זיפצן׳ ווי אין יענער צייט׳ ווען די שיפן האבן געפירט די שפאנישע און פארטוגאלישע גרושים· מרים נוניעץ׳ די געטליך שיינע׳ איז אויך געוועזן אויף איינעם פון אטדי שיפן׳ וואס יעקב טיראַדאָ האט אנגעפירט׳ און אוריאל דאַ קיסטאַ און מיכאל דא ספי־נאזא זיינען געוועזן ערגעץ אויף אנדערע שיפן· אלע האבן זיי גע־שווימט צו די ברעגן פון האלאנד׳ פון דעם פרייען׳ טאלעראנטן האלאנד׳ וואס האט געגעבן שוץ די יידן (זייענדיג אגב דערפאר זייער אנשטענדיג באצאלט)·

אין דאס איינטעניגע, פלאַכע, זעטיגע, געזונטע, מגושמדיגע האלאנד האט זיך מיט אמאל ארייגעוועבט א גרויסער שטיק דרום און מזרח. עס האבן א בליק געטאן פייערדיגע, פארחלומטע אויגן, שטאלצע געשטאלטן מיט א טיף איינגעגראבענער בענקשאפט, אין וועלכער מען האט זיך אפשר געשעמט מודה זיין, אבער וועלכע האט נאך ניט אויפגעהערט צו נאָגן. אָ, שפאניע! אָ, פארטוגאל!... און צו אטדער בענקשאַפט איז צוגעקומען נאך איינע: ניט אלעמאל קלאר באוואוסט, אבער זי איז געוועזן. די בענקשאפט נאך דער ווייטערער, צווייטער היים, נאך דער אור־היים, וואס איז די ערשטע היים געוועזן, דאָס ראסן־וויגעלע. אטדי בענקשאפט האט אביסל שטילער געמאכט דעם שפאנישן שטורים און האט די גרושים־געשטאלטן געגעבן דעם חן פון פארקלערטקייט, פון זעלטענער איידלקייט. און, ווען פון דעם יידישן געטא האבן געקלונגען גי־טארע־טענער, איינזאמע גיטארע־טענער אהן דעם בלויען הימעל פון גראנאדע און טאָלעדא, האבן זיך אין די טענער געשפירט די בענק־שאפט און די טרערן נאךביידע היימאטן.

רעמבראנד, דער ווילדער, שטורמישער, ווען אים האבן דערעסן די פרימיטיוו גראבע קערמעסן (ירידים), די פעסטע דיקע מוסקלען און די לאנגווייליגע סביבה פון זיין האלאנד, פון זיינע מיטבירגער, האט ליב געהאט וואנדערן איבער דעם יידישן געטא, וואס האט אים זייער אפט געצוואונגען ארויסצונעמען זיין סקיצן־ביכל און האסטיג צייכענען די טיפן פון שטאלץ און אומעט, פון פרינצן און אפגעריי־סענע קליידער. איינמאל האט רעמבראנד געזעהען א סצענע, וואס האט זיך אים טיף איינגעגראבן אין הארצן. אויף איינער פון די האלבטונקעלע גאסן פונם אמסטערדאמער געטא, האט געהערשט א אומבאשרייבליכע אויפרעגונג. שטיינער און קללות זיינען געפלויגן אין יענער זייט, וואו עס האבן זיך געזעהען האסטיגע טריט פון א פאַרפאָלגטען. א בלייכער, אויסגעמאטערטער פנים, צונויפגעפרעסטע ליפן, דער קאָפּ גרוי. ער איז כמעט געלאפן, ניט ווענדנדיג זיין

בליק אהינטער· צו די פארפאלגער· ווי א פארהעצטע· געיאגטע חיה· אוריאל דאקאָסטא! גרויזאם זיינען די אמסטערדאמער רבנים· גרויזאם די יידישע קהילה· נאר אין קאלבענהייערס פיינעם בוך· אין וועלכן מיט א באזונדערער ליבע· צארטקייט· מיט א טיפן פארשטיין ווערט געשילדערט דאס יידישע· גיט זיך אזוי ווי דער ענטפער: אקארשט האבן די יידן דורך פלאמען פון דער אינקווי־זיציע ארויסגעראטעוועט די תורה· דעם יידישן גלויבן· פון שפאניע פארשטויסן· די זון אויף דעם האלענדישן פייכטן נעפל פארביטן· פארלאזן דעם רייכטום· די טייערסטע קברים· מיטגעבראכט זכרונות איבער טויזנטער אומגעקומענע אויף קדוש־השם· און איצט קומט דאַקאָסטא און גיט זיך אפ דער לוסט פון צווייפלען· זיינען איי־פערזיכטיג די אמסטערדאמער יידן· זיינען זיי גוואלדיג אייפער־זיכטיג··· אבער דאקאסטאס טראגעדיע איז· וואס אין אים טומלט זיך היציג בלוט· דער שטארקער ווילן אבער פעלט· ער ווערט גע־שטויסן צווישן צוויי ברעגן פון מרידה· הויכמוט און הכנעה· ער איז א ראָמאַנטיקער· א האלבע נאטור· די קהילה וועט אים סוף כל סוף גובר זיין· דיזעלביגע קהילה· וואס וועט זיך שפעטער פילן אזיי אהנמעכטיג בנוגע ספינאזען· ווייל דא וועט זי זיך טרעפן מיט א קלארן קריסטאל· מיט א אונגעבייגטן ווילן· איינגעהילט אין דער שטילקייט און געלאסנקייט פון א נזיר· אוריאל דאקאסטא האט גוטע פריינד אין דעם אמסטערדאמער געטא: דער יונגער רבי יהודה· א אויפגעקלערטער· אבער ניט צום קאמף אנטשלאסענער· און די צווייטע פרוי פון מיכאל דא־ספינאזא· ברוך׳ס מוטער· חנה דבורה· אין איר נשמה לעבן זכרונות פונם בלויען· שפאנישן הימל און א שעמעוודיגע· שטילע· פארבארגענע ליבע צו רבי יהודה· די ריינע פארביגע געווענדער· מיטגעבראכטע פון דער היימאט· וואס ליגן אויסגעשפרייט אין איר אלמער· און די גיטארע לאזן איר אמאל איינשטילן דעם אינערליכן שמאַרץ און די אומצופרידנקייט· דער קליינער ברוך אבער איז איר איינציגער טרייסט· אפט זינגט חנה־

דבורה׳ און אמאל פארנאכט האט זיך רבי יהודה דערוויסט׳ ווי זי האט געפירט מיט איר בלייכער האנט איבער די סטרונעס פון דער גיטארע און געזונגען דאַקאסטאַס באלאדע איבער מרים גוניעץ·

«איר זאלט ניט זינגען׳ חנה דבורה»׳ האט ער שטיל געזאגט׳ שטרייכלענדיג איבער דעם קינדס לאקן׳ «איך האב אייך דאָ געבראכט די מיקסטור פון דאַ־סילוואַ׳ זי וועט אייך באפרייען פון אייערע ברוסטשמארצן»·

אוריאל דאקאָסטאַ׳ רבי יהודה׳ חנה דבורה׳ דאס זיינען אלץ ראמאנטישע פיגורן׳ דער ערשטער א שטורמישער ראמאנטיקער׳ די אנדערעביידע איינזאמע טרוימער׳ מיט פארבארגענע שמארצן אין דער נשמה· זיי איז געווידמעט אין דעם בוך אסך שיינע בלעטער׳ אבער נאר שפעטער׳ ווען ברוך ספינאזאס פיגור וואקסט אויס ביז דעם שטילן׳ אבער אומגעבייגטן פאָרשער פון דעם פילאסאפישן אמת׳ געווינט דער ראמאן זיין פולע באדייטונג׳ און די גאנצע סביבה ענדערט זיך׳ א גאלערייע טיפן׳ שארף געשניצט׳ טויכן אויף· פרייע האלענדער· קעמפער פאר׳ן פרייען געדאנק· אַדריאַן׳ יאַריג׳ לאדאוויק מייער׳ און העכער פאר אלעמען יאַן דע־וויט·

## II

ספינאזא׳ די גרויסע האפענונג פון דער אמסטערדאמער קהילה׳ דער בעסטער תלמיד פון רבי מרטיירא׳ איז אבער גלייכצייטיג אויך אלעמענס שרעק און זארג· אין אטדעם אומגעוואוינליכן יונגן מאן קומט פאר א גוואלדיגער צעשטערונגס־פראצעס· ווי האלט מען עס איין? וואו די גרעניץ? שוין זשע וועט מען נאך אמאל מוזן איבער־לעבן דעם ביטערן ביישפיל פון אוריאל דאקאסטא?

«וואס זאל איך טאן׳ רבי» פרעגט ברוך ביי רבי מרטיירא·

מרטיירא טראכט לאנג· ברוך׳ס פארשטאנד האט אים שטענדיג געשיינט פארפירעריש און געפערליך· אבער לאזן גיין דעם דארשטיגן

טאר מען ניט. ער וועט אים דאן אויף אייביג פארלירן. ברוך'ן מוז מען געווינען.

ספינאָזאַ פארלאזט מרטייראס הויז מיט רמבם'ס «מורה נבוכים». האט עס געהאלפן? ניין, זיין דאָרשט איז נאך שטארקער געווארן, דער צווייפל טיפער, דאס זוכן ענערגישער. דאס אריינדרינגען אין די סודות פון דער קבלה האט דעם פייערל פונאנדערגעבלאָזן אין א גוואלדיגן פלאקער. משה זכותא, זיין אמאליגער חבר, ווערט זיין ביטערסטער פיינד, אין דעם געטא ווייס מען, אז ספינאזא פירט באקאנטשאפט מיט קריסטן, און אז ער לערנט לאַטייניש. דער פרומער פאטער מיכאל דא ספינאזא רעכנט אים פאר פארלארן, פאר טויט. אינגיכן מוז ברוך ערשיינען פאר דעם בית־המדרש.

«מיר האבן דיך גערופן, זון פון פרומען מיכאל דא ספינאזא, רייניג זיך פאר אונז. אויף דיין נאמען ליגן די שווערסטע באשולדיגונגען. פילסט דו זיך אומשולדיג, טאָ באווייז עס, און אט־דער טאג וועט פאר אונז אלעמען א פרייליכער זיין, ווייל מען האט אויף דיר שטארק געהאפט. הער די באשולדיגונג».

זכותא באשולדיגט, א שוידער כאפט אלעמען ארום, ווען ער שילדערט דעם גיהינום, אין וועלכן ספינאזא געפינט זיך. וועט ניט אויפשפרינגען ספינאזא אין צארן און שרייען אויף דעם פאנאטיקער: «ליגנער, ליגנער»? ווי פילע וואלטן עס וועלן דערלעבן, מער פון אלעמען רבי מרטייראַ. נאר ספינאזא ענטפערט געלאסן:

«איך אַכט זיין גלויבן»

און ווייטער:

«איך פיל זיך ניט שולדיג, רבי מרטייראַ. דאך דער גאט, וועלכן עס זוכט מיין נשמה אזוי הייס, ווי זכותא קעמפט פאר זיינעם, האט זיך נאך מיין הארצן ניט אנטפלעקט».

די רבנים בעטן זיך, די גאנצע יידישע קהילה בעט זיך, די, וועלכע האט פון דעם אינקוויזיציע־פֿייער ארויסגעראטעוועט דעם

יידישן גלויבן און געלאָפן אהער קיין האלאנד פרייזן גאטס נאָמען.
די רבנים בעטן זיך:

«דאך ערגעץ מוז דאך דער אמת פון אונזער האר לעבן! ווען ניט אונזער הייליגע תורה, וואו זשע, ברוך דא ספינאזא, וואו איז זי דען אנדערש צו געפינען».

«איך זוך עס, חכם אַבאָ אבי».

מרטיירא פארדעקט זיין פנים. און ווען ברוך פאַרלאָזט דעם בית־המדרש דוכט זיך אים, אז ער הערט, ווי מרטיירא וויינט...

די קהילה פרובט דעם לעצטן מיטל. ספינאזא איז פארלארן. דאס זעהען אלע. נאר דער ביישפיל קען דאך ברענגען די גרעסטע געפארן. א קלייניגקייט, אז א צווייג פאלט אפ? רבי מרטיירא קומט צו אים איינפאך, אלס מעקלער. יאָ, יאָ, נור איינס ווילן זיי פון אים: ער זאל דעם שיין לכל הפחות היטן. ער זאל א מאַראַן פון דער אַנדערער זייט ווערן. זיי ווייסן אלץ פון אים, זיי ווייסן, וואס פאר באקאנטשאפט ער פירט, נאר ער קען דאך זיי ניט גלייכגילטיג זיין, ווי יענע צוויי יידן, וואס האבן זיך דא ניט לאנג געשמדט. ספינאזא האט די טיפסטע יידישע חכמות געלערנט, די הייליגסטע. ער זאל די יידישע תורה ניט שענדן. נאר דעם שיין ווילן זיי פון אים, דעם אָנשטעל. דאס איז איינפאך א געשעפט, וועלכן די יידישע קהילה פון אמסטערדאם וויל אפמאכן מיט איינעם א ברוך ספינאזא, וואס איז פארלארן. טויזנט גולדן יאר־געלד באקומט ער פון דער קהילה, ווען ער זאל אויף דעם געשעפט איינגיין. רבי מרטיירא רעדט דא ניט מיט זיין הייסן תלמיד, מיט וועלכן ער האט די קבלה געפארשט, נאר מיט א גאנץ פרעמדן. ער איז בלויז א מעקלער, דער רבי מרטיירא...

אבער ספינאזא גייט ניט איין אויף דעם געשעפט, און צום ערשטן מאל נעכטיגט ער אונטער א פרעמדן, ניט יידישן דאך.

נאך דעם פיינליכן שמועס מיט רבי מרטיירא איז ספינאזא געגאנגען צו זיינע קריסטליכע פריינד. ארום א געמיינזאמען טיש ביי

יאַן זאָעט האבן זיי זיך אלע פארזאמלט, ווײַן געטרונקען, גיטאַרע־שפיל צוגעהערט, נאר ספינאזא איז געזעסן שטיל אין א געדריקטער שטימונג. מיט דעם דאקטער וואַן־דען־ענדען האט ער לאנג דערנאך שפאצירט איבער די טויטע גאסן פון אמסטערדאם און געזאגט צו אים, ווען מען האט זיך שוין באדארפט פונאנדערגיין:

«גיט מיר א ארט, וואו צו שלאָפן די נאַכט... דען איך האב ניט קיין היים מער, מיין פאטערס הויז האט ניט קיין פלאץ מער פאר מיר».

«איר וועט וואוינען אין מיין הויז, ווי א אייגענער זון» האט דאקטאר וואן־דען־ענדען געענטפערט.

III

ברוך ספינאזא דער ברילן־שלייפער! דער קליינינקער, קראנקער ייד מיט דעם בלייכן פנים, שווארצע האר און טיפע אויגן, שטענדיג אויף דער יאגד נאך דעם אייביגן אמת. און די גרויסע, ברייט־שולטעריגע האלענדער, די פרייהייטסקעמפער אדריאַן, יאריג, לאדאוויק מייער קוקן אויף אים, ווי אויף דעם אויפגייענדן שטערן. ספינאזאס טראַקטאַט וואנדערט אין מאנוסקריפט איבער האלאנד און ווייט, ווייט איבער האלאנדס גרעניצן. קלאַרא מאריא, דאקטאר וואן־דען־ענדענס קלוגע טאכטער, טראכט וועגן אים און פארשטייט ניט זיין צוריקגעצויגנקייט. ספינאזא שעצט זיינע פריינד, נאר זיין גייסט רופט אים צו איינזאמקייט. אליין וויל ער זיין, ערגעץ אין א שטילן דארף, צווישן איינפאכע מענשן. צוויי צימערלעך, אין איינעם איז ספינאזא דער ברילן־שלייפער, וועלכער פארדינט די עטליכע גולדן פאר זיין באשיידענעם אויסקומען, און אין דעם צווייטן צימערל, ביי א לעמפל, זיצט דער גרויסער פילאסאף ספי־נאזא און שרייבט זיין טראקטאט איבער «עטיק».

רינסבורג הייסט דאס דארף, וואו ספינאזא האט זיין פרידן גע־פונען. עס ליגט צווישן פעלדער, פליגלען פון אידילישע ווינט־

מילן באפּאָכן עס׳ און ניט ווייט איז די אוניווערסיטעט־שטאט ליידען· ווען ניט ווען זוכן אים אויף גוטע פריינד און איינמאל האט זיך ביים עק דאָרף אפּגעשטעלט א רייכע קארעטע· א הער׳ ווייזט אויס זעהר א וויכטיגער׳ איז ארויס און געלאזט זיך גיין איבערן דאָרף· ער קלאפּט מיט דעם גאלדענעם קעפּל פון זיין שטעקן אין דער טיר·

מען זאל הערן דא־ספּינאזען מעלדן: סיר הענרי אלדענבורג·

ספּינאזא מיינט׳ אז אטדער פארנעמער הער זוכט דעם ברילן־שלייפער און ער ווייזט אים זיין ארבעט·

דער פארנעמער הער זאָגט אבער:

«איך בין דער סעקרעטאר פון דער לאָנדאָנער קיניגליכער גע־לערטער געזעלשאַפט· אויף מיין צוריקרייזן פון דייטשלאנד האב איך פארווײלט ביי מיין פעטער טאציוס ־ דער נאמען איז אייך גע־וויס באקאנט ־ דארטן האב איך זיך דערוואוסט פון א טראקטאט׳ וואס איר זיינט זיין פארפאַסער· איינ־יגע אנזיכטן פון דעם טראקטאט האבן מיך גערירט· זייט מוחל׳ אויב איך האב געשטערט אייער רוה»·

אלזא געהערט ער צום צווייטן צימערל ··· אהין פאַרבעט ספּי־נאזא זיין הויכגעשטעלטן גאסט· ביי א בעכער לייכטן וויין ציהט זיך לאנג׳ לאנג א שטילער שמועס·

ווען ספּינאזא באגלייט זיין גאסט צו דער קארעטע׳ ריידן זיי ווי מענשן׳ וועלכע געפינען זיך אין דער נאהנטסטער באקאנטשאפט אסך׳ אסך יארן·

דער הויכגעשטעלטער הער שטייגט איין אין דער קארעטע און פילט זיך ביז גאר גליקליך·

## IV

ספּינאזא אין האַאג· שוין א פאלענדעטער· הויך שטייט זיין שטערן און באלויכט די ווייטסטע וועגן· זיין גוף ווערט אבער דערפאר אלץ שוואכער· אין רינסבורג האט אים

עטליכע מאל באַפאלן א בלוטהוסט· דער קלימאט איז שעדליך· האאג זאל בעסער זיין· צו זיינע פילע פארערער איז נאך צוגע־קומען דער גרויסער, מוטיגער יאַן דע וויט, וואס דערמאנט אזוי די אלטע רוימער רעספובליקאנער· איבער האלאנד ציהען זיך שווארצע וואלקנס· די אינטריגעס פון די אָראניער שטייגן· די גלחים בא־קומען מוט און שטיקן דעם פרייען גייסט· אַדריאַן פאַלט, אלס ערשטען קרבן פון דער גלחים־פארטיי· יאַן דע וויט פילט, ווי עס נעהנטערט זיך דאס געוויטער· אבער ער גלויבט אין זיין כוח, אין דעם צויבער פון זיין נאמען· האט ער ניט געגאלטן פאר דעם גרעסטן העלד האלאנדס? איז ער ניט געוועזן האלאנדס שטאלץ? די זיכערקייט אין דעם כוח זיינעם ווערט פונדעסטוועגן ביי אים וויינ־יגער פון טאג צו טאג, און די טרויעריגע מחשבות זוכט ער אפט צעשטרייען אין דעם קליינעם צימערל ביי ספינאזען· דארט, אין טיפן שמועס, פארשטייט ער די נישטיגקייט פון זיין מורא, דארט שפירט ער די הויכקייט פון דער אייביגקייט, קעגן וועלכער אלע אינטריגעס פון זיינע פיינט זעהען אויס אזוי קליין· און ווען פאר אים, ווי פאר זיין ברודער קארנעליוס, איז געקומען די צייט צו שטארבן, אלס מארטירער פון דעם המונ׳ס הענט, האָט צוזאַמען מיט די געשטאלטן פון די גרויסע רוימער אויך פארגעשוועבט פאר זיין לעצטן בליק דער בלייכער, געטליכער אויסדרוק פון ספינאזאס גע־זיכט·

ווען ספינאזא דערוויסט זיך וועגן דעם שרעקליכן טויט פון יאן און קארנעליוס דע וויט, איילט ער אין שטאט, אין די גאסן· זיי זיינען אנגעפילט מיט דעם שכורן, פון אקארשט פארגאסענעם בלוט, המון· וויטס בלוט האָט געפלאסן, און אין שטיקער האט מען געריסן די לייבער פון די ברידער· קיינער האט ניט געוואלט בלייבן אומבא־טייליגט· אימעצער האלט הויך די ביידע הערצער און א קול הערט זיך: «דעם הונט ווארפט עס צו»· ספינאזא קויפט אפ די הערצער פון האלאנדס גרעסטע זין· ער גיט איבער אטדעם טייערן אוצר

וויטס שוועסטער, יאהאנא דע וויט. צוויי מאל האט ספינאזא געוויינט. גאר אין דער יוגנד, ווען ער איז געשטאנען ביים ברעג ים און געזעהען, ווי עס זעלגלט אפ דאס שיף קיין בראזיליע מיט זיין טרייסטער און ערציהער רבי יהודה, און דעם צווייטן מאל, ווען עס האט אויסגעבראכן די קאטאסטראפע איבער די ברידער וויט. זיין גייסט האט, אמת, אינגיכן געפונען די רוה און דעם מילדן, אלץ פארשטייענדיגן שמייכל, אבער זיין שוואכער גוף האט עס שוין ניט אריבערגעטראגן. פון זיין קראנקן געלעגער איז ער שוין מער ניט אויפגעשטאנען.

זיין קבר איז ניט ווייט פון דעם קבר פון יאַן דע וויט.

אטדער דאזיגער ראמאן קאלבענהייערס האט מיר פארשאפט ביים לייענען א זעלטען ריינעם געהויבענעם פארגניגן, מען פילט זיך פונקט, ווי נאך א לאנגן עטעמען ריינע באַרגלופט.

און צי איז ניט ספינאזאס גאנצע לערע גלעטשערלופט? דערהויבן, ריין, קלאר, אבער קאַלט, קאַלט. נאר העלדן קענען אין אזא אטמאספערע לעבן. דאס איז א לערע נאר פאר אויסדערוויילטע, פאר אריסטאקראטן פון גייסט. ספינאזא איז געוועזן דער העלד און דער אמתער מאנארך אין דער אומענדליכער מלוכה פון דעם גייסט.

# געארג בראנדעס·

(געשריבן אין יאר 1912·)

געארג בראנדעס איז די טעג זיבציג יאר אלט געווארן· די סקאנדינאווישע פרעסע׳ פונקט ווי די באדייטנדסטע בלעטער פון דער איבעריגער אייראפע ווידמען דעם בארימטן דענישן קריטיקער גרויסע ארטיקלען· דער קיניג האט אים געשענקט א ארדען· אין פילע ערטער האלט מען פארלעזונגען וועגן אים· פונדעסטוועגן האט מען אין אלגעמיינעם דעם איינדרוק׳ אז דער יום־טוב איז פאר־בייגעאנגען קיל׳ דער ענטוזיאזם האט געפעלט· מען האט געוואלט ־ אזוי דוכט זיך ־ נאר דעם חוב ערפילן צו דעם מענשן׳ וועלכער האט אזוי פיל געארבעט׳ מען האט געוואלט איינפאך דאנקען· מען דערציילט ווייטער׳ אז בראנדעס איז אויף די יובילייצייט אפ־געפארן קיין פראנקרייך· ער האט ניט געוואלט׳ ווייזט אויס׳ דערביי זיין׳ א עדות זיין פון דעם קילן יום־טוב׳ פון דער שמחה׳ מיט וועלכער מען האט אים׳ פון די הערצער שוין לאנג פארשטויסענעם׳ געוואלט מכבד זיין·

פאר די סקאנדינאווישע פעלקער איז בראנדעס געוועזן א מין ציצעראנע׳ וועלכער ווייזט דעם וועג צו די פיראַמידעס: געוואוינליך איז עס א ניט לאנג דויערנדע׳ א פארבייגייענדע ראָלע: אן די פי־ראַמידעס דערמאנט מען זיך אפט׳ שטענדיג׳ דעם פירער אבער׳ דעם וועגווייזער··· ווי געוואוינליך׳ מען פארגעסט אים· העכסטנס׳ מען אנערקענט זיינע פארדינסטן׳ מען שענקט א ארדען מיט א גרויסן בריליאנט דערצו· בראנדעס האט זיין גאנצן לעבן די סקאנדינאווער צו די פיראמידעס פון דער מענשליכער קולטור׳ פון מענשליכן גייסט געפירט· א פארמיטלער איז ער געוועזן אין שענסטן

זין, ניט קיין גלייכגילטיגער, וועלכער בלייבט אליין קאלט, נאר איינער, וועלכער קען זיך אליין באגייסטערן איבער די אוצרות, וואס ער האט די קליינע, אזוי אינטערעסאנטע לענדער געוויזן. אבער דאך נאר א פארמיטלער. סקאנדינאוויע איז דורך אים מיט דער גרויסער וועלט באקאנט געווארן, דערנאך איז זי קיל, אלץ קילער געווארן, ווי דער שטייגער איז אין דער אומדאנקבארער וועלט, צו דעם וועגווייזער. און שליסליך איז פארגעקומען דאס נאטירליכע. ווי געזאגט שוין: די פיראמידעס בלייבן, און דער ציצע־ראנע ווערט איינזאם און פארגעסן...

די געצוואונגנקייט און קאלטקייט, מיט וועלכער מען האט אפ־געפראוועט בראנדעסעס יובילייי, טרעט ארויס באזונדערס בולט און שארף, ווען מען פארגלייכט אים מיט דעם יובילייי פון סטרינדבערגן. סטרינדבערג, וואס איז זיין גאנצן לעבן געוועזן איינזאם, וואס האט זיך צוריקגעצויגן אין זיין שלאס פון מענשן־פיינדשאפט און פאר־ביטערטער מיזאנטראפיע, האט איצט, ביי זיין צווייאונזעכציגיאריגן געבורטסטאג, אלעמענס הערצער געוואונען. גאנץ סקאנדינאוויע, הויפטזעכליך אבער שוועדן, שטאקהאלם, האט ביי אים מחילה געבעטן און אויסגעזוכט אלץ נייע מיטלען, ווי אזוי די גרויסע אכ־טונג, די ערנסטע, טיפע ליבע צו אים צו באווייזן. און, ווען דער פאַקלצוג איז – אים צו כבוד – פארבייגעגאנגען פאר זיין הויז, האט סטרינדבערג זיך דאך אנטשלאסן ארויסצוגיין אויף דעם באלקאן און מוחל זיין... בראנדעס אבער, וועלכער האט זיין גאנצן לעבן אנ־ענגער, באוואונדערער געהאט, קיינמאל ניט געוועזן אליין, ווי סטרינדבערג איז עס געוועזן, האט ערשט אין דעם זיבציגסטן גע־בורטסטאג דערפילט דעם טעם פון איינזאמקייט, ניט די איינזאמקייט פון די טיטאַנען, פון די גאר גרויסע, נאר די איינזאמקייט פון די, אין וועמעס הילף מען נויטיגט זיך שוין מער ניט.

פון די אלע יובילייי־ארטיקלען הער איך ניט אויף צו הערן אלץ איינעם און דעמזעלביגן טאָן: בראוו און זעהר פיל געארבעט

האסטו׳ ליבער בראנדעס· איצט רוה זיך אויס· דעם וועג צו די פיראמידעס וועלן מיר שוין ווי עס איז אליין געפינען···

איך מיין׳ אז מען טוט איצט מיט בראנדעסן פונקט אזוי׳ ווי די פוילישע פריצים האבן אמאל מיט זייער יידן געטאן׳ נאכדעם ווען ער האט שוין זיין שליחות אויסגעפירט· און דעריבער וואלט איך וועלן א פאר ווערטער איבער דעם יידן בראנדעס זאגן׳ וועלכער אויסער זיין ליטעראַרישן נאמען טראגט נאך איינעם· איבער מאָריס קאָהען ווילט זיך מיר ריידן·

אנדערע קענען זיך איבער דעם אינטערעסאנטן פונקט רוהיג׳ אומבאמערקט פארבייגיין ־ מיר דארפן עס אבער ניט· פאר אונז האבן בראנדעסעס באציהונגען צו זיין פאלק א געוויסן אינטערעס׳ דערביי איז דאס אינטערעֶסאנטסטע דווקא דאס׳ וואס ער האט איבער־ הויפט קיינע באציהונגען ניט· דער סימפאטישער נערווו׳ וועלכער פארבינדט׳ פארקניפט מיט דעם אייגענעם פאלק׳ איז ביי אים פול־ שטענדיג אָפגעשטארבן׳ אטראפירט׳ און אויב אטראפיע איז אַ אומ־ גליק׳ דאן איז בראנדעס ווירקליך דער אומגליקליכסטער אסימילאנט· ער רעדט זהער גערן דערפון׳ ווי קאמיש אים קלינגט׳ ווען מען דערמאנט אים אן זיין יידישקייט׳ אן זיין יידישער אפשטאמונג· זיין אומוויסענקייט אין אלע זאכן׳ וואס איז נוגע דאס יידישע׳ איז איינ־ פאך רירנד· ער האט זיך דעם גאנצן לעבן די מיה געגעבן׳ די ליטעראטורן פון אלע פעלקער געניו צו קענען· זיין ציצעראנע־ גורל האט אים געצוואונגען אכטונג צו געבן׳ אז קיין באוועגונג אין מענשליכן גייסט זאל פאר אים ניט פארבייגיין אהן דעם׳ אז ער זאל עס באמערקן· ער דארף׳ ער מוז אלץ וויסן׳ ער טאר ניט צו שפעט קומען׳ ווייל אסך פרעגערס זיינען דא און טוריסטן מיט זייער פאדערונג: קענסטו דעם וועג? נאר אין איין ליטעראטור האט ער גאר ניט געוואוסט׳ ניט געוואלט וויסן׳ אין דער ליטעראטור פון זיין אייגענעם פאלק·

איך וויל ניט חלילה בראנדעסן באליידיגן׳ פארשטיי עס אויך ניט׳

ווי קען מען דעם כבוד פון א זיבציגיאריגן זקן אנרירן· אבער עס איז דאך אמת׳ אז פאר די סקאנדינאווער האט ער געשפילט די ראלע פון א לעבעדיגן גראַמאָפאן׳ און ניט נאר מעכאַניש אינסטרו־מענטאל׳ נאר מיט א זעלטענעם אינערליכן אפגעבן זיך׳ אויסגע־שפילט אלע לידער מיט א זעלטענער באטייליגונג פון א הייסער נשמה· אלע לידער פון אייראפע׳ פון דער מענשליכער קולטור געשפילט׳ נאר דווקא איין ליד פארגעסן· דאס ליד פון זיין אייגע־נעם פאלק···

בראנדעס האט אלץ דורכגעמאכט׳ אלע אידעען־באוועגונגען׳ אלע שטימונגען דורכגעלעבט· דער מאטעמאטישער קאפ פון א דזשאן סטיוארט מיל און די טיפע׳ קראנקע נשמה פון זיין פערזענליכן פריינד ניטצשע זיינען אים געווען נאהנט· וואו איז בראנדעס ניט געווען? מיט וועמען איז ער ניט געווען באקאנט? וועמען האט ער ניט אינטערוויואירט? נאר צו זיין אייגענעם פאלק איז ער קיין־מאל ניט נאהנט צוגעטראטן׳ ניט כדי דארט שטענדיג צו בלייבן – ווער רעדט וועגן דעם? – נאר כדי אויף א ווײַלע כאטש זיך אינטערעסירן׳ פרעגן עפעס· דער גרויסער רעפארטער פון מענשן־געדאנק׳ דער ליטעראַרישער שערלאק־כאָלמס׳ פאר וועמען עס עקסיסטירן ניט וועלכע עס איז סודות – בנוגע זיין אייגענעם פאלק איז ער געווען הילפלאז׳ ווי א קינד׳ און דעם וועג ניט געקענט געפינען·

אזא נערוועזע׳ עמפינדזאמע נאטור׳ קורץ׳ אזא ייד׳ ווי מיר זעהען אים אין זיינע ביכער׳ אין זיין גאנצן וועזן׳ אין זיין אומ־רוהיגקייט – און גאר ניט קיין ווארט געזאגט וועגן דעם ערוואכן פון יידישן פאלק׳ וועגן דעם׳ אז עס לעבט׳ שאפט· קיין ווארט וועגן דעם· עס עקסיסטירט איינפאך פאר אים ניט· אין זיינע בא־ציהונגען צום יידישן פאלק איז בראנדעס א מערקווירדיגע ער־שיינונג׳ א פענאמען׳ א מין פארבנבלינדער···

בראנדעס איז זעהר א פארנעמע פערזענליכקייט· האָט דער וועלט־איבערהויפט סקאנדינאוויע׳ פיל נוץ געבראכט· זיין לעבן איז

אינטערעסאנט· אבער עס וועט מיך ניט וואונדערן, ווען אטדער אלטער מאן, איצט, מאכנדיג זיין חשבון הנפש, (און ווער מאכט דען ניט דעם חשבון הנפש ביי זיבציג יאר) וועט זיך דערמאנען, אז זיין לעבן האט עפעס געפעלט, א וויכטיגער מאמענט, ווען עס וואלט געוועזן, וואלט דאס גאנצע בילד אויסגעזעהען פולקומענער, שענער ···

יאָ, אויך דאס קען פארקומען, דאס א טוריסט נאך לאנגן, לאנגן וואנדערן, קערט זיך אום אהיים, פאַקט זיך אויס זיינע זאכן, וויל זיך אפרוהען און פלוצלונג, מיטאמאל דערמאנט ער זיך, אז ער האט עפעס זעהר וויכטיגס פארפעלט, א זעהר וויכטיגן פונקט פארגעסן צו באזוכן, א לאנד מיט אייגנארטיגע פלאנצונגען און פייגלעך, א פאלק מיט א אייגענער פיזיאנאמיע און קולטור ··· גאט אין הימעל! דאס אייגענע פאלק!

עס מוז דערביי זעהר טרויעריג ווערן!

# דער שטארבנדער היינע.

דער דינער טראגט ארויף די פלייצעס איבער די עטליכע טרעפ, וואס פירן צו דער וואוינונג פון מאדאם מאקסים זשאָבער, דעם קראנקן פּאָעט, מען לייגט אים ארויף א סאָפּע און אים באפאלט גלייך איינער פון יענע שרעקליכע קראמפן, וועלכע האבן פארוואנדלט דעם בליהענדן היינען אין א אינוואליד, אין א שטן פון א מענשן. א דאזע מאָרפיום, דער «גן־עדן, וואס מען קריגט אין אפטייק», ווי באָדלער דריקט זיך אויס, דערלייכטערט די שמערצן. היינע הייבט זיך אויף און, האלב פארמאכט די אויגן (דער פראצעס פון פאראליז מאכט פארטשריטע), קלאגט ער זיך אויף דעם גרויזאמען גאט, וואס מאטערט אים לאנגזאם, טויט אים שטיקערווייז. א גריכישער גאט וואלט זיך מיט א פּאעט העפליכער באגאנגען, וואלט אים בעסער באהאנדלט. די פריינדין, מאדאם זשאָבער זאל אזוי גוט זיין און אים באזוכן אין זיין וואוינונג, דאס מוז זי אים באשטימט צוזאגן. צוליב דעם האט ער דאס איצט געמאכט אטדי געפערליכע רייזע אויף די פלייצעס פון זיין דינער, און, מיט וואס דאס וואלט זיך גע־קענט ענדיגן, האט זי אקארשט געזעהען. די פריינדין מעג א טראכט טאן, וואס פאר א שטאף פאַר רכילות וואלט געווען דער פאקט, ווען ער וואלט געשטארבן ביי איר אויף דער סאָפּע. ניין, זי מוז אים פייערליך צוזאגן פון צייט צו צייט אים באזוכן און ניט פאר־לאזן.

אטדער ארויסגאנג אין א ווינטערטאג אין יאר 1848 איז געווען דער לעצטער. ניין, ניט גאר, פאר אטדי אכט יאר פון אומבא־שרייבליכע ליידן לאזט ער זיך נאך איין מאל טראגן אין דעם לובר

צו דער ליבעסגעטין· די שמאַרצן טראגט ער איבער· ווי א העלד׳ מאכט וויצן איבער זיין אומבאהאלפנקייט· און נעמט אויף געסט׳ און׳ כדי זיי קענען זעהען׳ מוז ער האלטן דעם קאפ גלייך אין דער הויך׳ כדי דורך די קליינינקע שפאלטן פון די כמעט גאנץ צו־געמאכטע אויגן איינפאנגען שפורן פון די געשטאלטן׳ מיט וועלכע ער רעדט· אפט מיט דער שלעכט באוועגליכער האנט פרובט ער אויפהייבן א אויג· אזוי טוט ער׳ ווען דער «ווייסער עלעפאנט»׳ די בארימטע רוסישע שיינהייט׳ די גרעפין קאלעגריס׳ ערפילט ענד־ליך איר הייסן וואונש און באזוכט דעם בארימטן פארפאסער פון די «רייזע־בילדער»·

ער וואוינט אפריהער אין א פארשטאט׳ האפנדיג׳ אז אים וועט דארט בעסער זיין· «בירגערין! ־ שרייבט ער פון דארט צו מאדאם זשאָבער ־ אויב איר זיינט אין פאריז׳ און אויב איר מאכט א שפאצירגאנג אין א פריהמארגן איבער Bois de Bologne בעט איך אייך אפשטעלן זיך אין Passy, grande Rue 64· דארט אין גארטן לעבט א ארימער דייטשער דיכטער׳ פולשטענדיג פאראליזירט׳ מיינע פיס זיינען פולשטענדיג געליימט׳ מען טראגט מיך׳ מען פיטערט מיך׳ ווי א קינד· גרוס און ברידערליכקייט· היינריך היינע»· ־ דעם צום לאנגזאמען טויט פרמשפט׳ען קען ניט העלפן א פארשטויבטער גארטן פון א פאריזער פארשטאט׳ עס ציהט אים צוריק קיין פאריז· אים דוכט׳ אז דער בית־עולם פון Passy מוז זעהר לאנגווייליג זיין׳ אויף דעם בית־עולם פון Montmartre וועט ער זיך היימליכער פילן· מען פירט אים איבער קיין פאריז אין א באשיידענער׳ אבער זייער זויבערער וואוינונג׳ און עס ציהען זיך די לאנגע קוואל־יארן׳ די יארן פון «מאטראצן־גרופט»· זיין פריינד און לאנדסמאן היינריך לויבע קען ניט איינהאלטן די טרערן׳ ווען ער זעהט אים· וואס פון אים איז געווארן? מיט זיבן יאר צוריק האט ער פארלאזן היינען׳ א פרישן׳ א יונגן׳ די האָר גלאט פאַרקאַמט׳ די קליידונג אויסדער־ווילט׳ דעם קאפ אביסל אָנאַזייט געהאלטן׳ אום בעסער צו

באטראכטן, און פון דער גאנצער פיגור האט געווייט מיט דער עלע־גאנטקייט פון א וועלטליכן אבאט, און איצט ליגט פאר אים א אויס־געדארטער מענש, אומעטום שפורן פון רואין, א לאנגע, גרויע בארד אומראמט זיין בלייכן, ליידנדן פנים (דער ראזירמעסער פארשאפט אים שמערצן). אין דעם האלב־טויטן גוף לעבט נאך אבער דער שטארקער גייסט, דער ליריקער, דער בייזער שפאטער. די אמא־ליגע פיינט אין רוה לאזן? וועגן דעם וויל ער גאר ניט טראכטן. פון «מאטראצן־גרופט» פליהען די שארפסטע פיילן, פליהט דער פארניכטנדער וויץ, דער סארקאזם, און מאכט אן חורבונות צווישן די רייהען פון זיינע קעגנער. פון זיין קראנקהייט האט ער ניט ליב צו ריידן, נאר איין באמערקונג: ווען ניט מאטילדע מיט איר פאפוגיי, וואס פלוידערט אזוי געמיטליך, וואלט ער פילייכט באשלאסן צו שטארבן, ווי א רוימער, און פרייוויליג מאכן א סוף צו אזא ביטערן, שווערן לעבן. נאר דאס איז נאר א באמערקונג, לאנג דויערט עס ניט. באלד באטראכט ער מיט זיין אינטימען פריינד אלע איינצל־הייטן פון זיין צוואה. האט ער דען ניט פאר וועמען צו זארגן? שוועבט דען ניט ארום איבער די עטליכע באשיידענע צימערן א פיינע ווייב, וואס איז נאך איר וועזן גלייכצייטיג אויך א קינד נאך. מאטילדע מיט דעם פולן, קיילעכדיגן פנים, מיט די לעבעדיגע אויגן און מיט צערטליכע, קליינע הענט, וואס שאפן ארדנונג, באקוועמ־ליכקייט און זארגן, אז דעם שווער קראנקן זאל גאר ניט פעלן, אז אומעטום זאל זיין פיין, אנגענעם, ליכטיג, די בלומען צו דער נויטיגער צייט באגאסן, און אין יעדער ווינקעלע ווייס, בלאנק. דער צובייזערטער גאט, קעגן וועלכן היינע האט געוויס געהאט רעכט זיך צו באקלאגן, באוויזט זיך אין איין פונקט וויניגסטנס פריינדליך צום ליידנדן פאעט, ער פארשפארט דעם גרויסן ליריקער און ליבעס־זינגער דעם אומפארדינטן גורל שטארבן אין א שפיטאל, אדער זיין באדינט אין א קאלטער וואוינונג דורך א אלטער, ברומענדער אויפ־זעהערין. פון א «פארהעלטניס» (נאך אין די געזונטע יארן) צו דער

ארבעטערין מאטילדע ווערט א אינטימער בונד. היינע פירט זי צו זיך אלס פרוי, און די פרוי מאטילדע זארגט פאר איר קראנקן מאן מיט א נאאיווער, רירנדער ליבע. אמת, פון זיינע שירים ווייס זי כמעט ווי גאר ניט. די ערציהונגס־שולן, וואוהין ער האט זי געשיקט, האבן ווייניג געהאלפן, אז די ביכער זיינע זאלן זיך פאר איר עפענען. נאר עס מאכט ניט אויס. זי האט אים ליב, ווען אפילו זי פארשטייט ניט, וואס ער שרייבט דארט אין זיינע ביכער, און עס טרעפט אפט, אז איר צערטליכקייט, איר ליבע זאל זיך אויסדריקן אין א עטוואס קאמישער פארם, אבער ניט אויפהערנדיג דורך דעם צו זיין רירנד. אזוי דערציילט דיזעלבע מאדאם זשאָבער, אז איין מאל שפעט אינדערנאכט האט היינע באקומען א שטארקן אנפאל, מען מיינט, אז אויף דעם מאל וועט ער דעם קריזיס ניט איבערלעבן. אין מורא און טויטשרעק איילט צו אים מאטילדע, נעמט זיין האנט, גלעט אים, צערטלט, גיסט הייסע, ביטערע טרערן, און היינע הערט בעטנדע ווערטער: «ניין, היינריך, דאס דארפסטו מיר ניט טאן! דו דארפסט ניט שטארבן! דו וועסט אויף מיר רחמנות האבן, איך האב שוין היינט פריה דעם פאפוגיי פארלארן, ווען דו שטארבסט מיר נאך אוועק, דאן בין איך צו אומגליקליך». היינע, דערציילנדיג די סצענע, באמערקט שמייכלענדיג: «פאר מיר האט דאס געקלונגען ווי א באפעל, איך האב געדארפט פאלגן און האב באשלאסן ווייטער צו לעבן, דען איר פארשטייט דאך, אז מען קומט צו מיר מיט אזעלכע ראיות ...». פאמיליען־גליק? אוודאי זעהר ווייט פון דעם. מאטילדע לעבט אפגעשלאסן פון דער וועלט. ווען ניט ווען גייט זי אין טעאטער. קומען געסט צו איר מאן, ציהט זי זיך צוריק אין איר צימערל, שטיל, באשיידן, אבער פון צימער קלינגט דורך איר שטימע, די אנטציקנדע, העלע שטימע; ווערט היינע אנטשוויגן, א מילדער שמייכל צעגיסט זיך איבער זיין בלייכן, ליידנדן פנים און ער הערט. מאטילדעס וואונדערבארע, אזוי וואוילקלינגנדע שטימע מאכט איינפאך וואונדער. היינע מיינט,

אז די שטימע בארגט אין זיך צויבער־כוחות, דען וויפיל מאל, ווען עס דוכט זיך אים, אז אט־אט שטארבט ער, איז גענוג, אז די שטימע זאל דורכקלינגען, און ער ווערט ווידער אויפגעמונטערט און לעבט.

מאטילדע, דאס פרעכטיגע קינד. היינע ליבט זי, טראכט וועגן איר, ווידמעט איר רירענדע שירים און איז ... אייפערזיכטיג, גוואלדיג, ליידנשאפטליך. דא העלפט ניט די אלמעכטיגע איראניע, דאס קענען לאכן איבער אנדערע, איבער זיך, איבער דער אייגענער קראנק־הייט: פארפאלן, מען איז דאך א קנעכט פון אייגענער ליידנשאפט. א גוואלדיגע אייפערזוכט, וואס פרעסט זיין אינערן און רויבט אים די רוה אויף אזוי פיל, אז דער דאקטער, וואס היילט אים, מאכט אויפמערקזאם אויף דעם היינעס פריינד. מען זאל דאס נאר גלויבן! מיט היינען, דעם אפלאכער, זאל אזוינס טרעפן! אבער עס טרעפט, עס טרעפט ... א חשד באפאלט אים, לאזט אים ניט רוהען. ער זאמלט צונויף די לעצטע ביסל כוחות, קייקלט זיך אראפ פון גע־לעגער און, אויף דעם בויך קריכנדיג, נעהנטערט ער זיך צו דער טיר, וואס פירט צו זיין פרויס צימער, מען געפינט אים אזוי ליגנדיג ביים שוועל פון טיר אין א לאנגער, שווערער אנמאכט. –

לעבט ווי א מאן, אויף וועלכן עס ווארט שוין דער טויט, און זארגט ווי א פאטער. די פילע לידער, געווידמעט מאטילדען, עפענען אונז דעם קוואל פון טיפסטער צערטליכקייט. ביטער קלאגט ער זיך אויף זיין שיקזאל. יאָ, א לעבן וואלט דאס געקאנט זיין פון גליק און פריידן, זיי זיינען ווי באשערט איינער פאר דעם צווייטן, נאר עס איז א סוף מיט אים, און אויך די בלום מאטילדע וועט פארוועלקן נאך זיין טויט. דעם פאעט שרעקט דער געדאנק, אז ער פארלאזט זי אינמיטן דעם סדום פאריז. דער דיכטסטער וואלד, די וויסטעניש איז ניט אזוי געפערליך, ווי אטדאס פאריז. צו די זארגן קומען נאך מאטעריעלע. און אין דער צוואה ווענדט ער זיך צו זיין רייכן קרוב: «אונטער אזעלכע אומשטאנדן בעט איך מיין פעטער קארל היינע, און איך דאנק אפריהער אין דער

איבערצייגונג, אז מיין בקשה וועט ערפילט ווערן, איך בעט אים נעמליך, אז נאך מיין טויט זאל ער מאַטילדען אויסצאלן ניט די העלפט, נאר די גאנצע פענסיע, וואס איך האב באקומען».

און עס רייפט די צייט און צעשטערט לאנגזאם, הארטנעקיג דאס ערדישע אין היינען. ווען מען דארף אומבעטן די מאטראצן, אויף וועלכע ער ליגט, טראגט אים איבער די שטובמיידל אויף א שעזלאָנג, ער איז גרינג ווי א צעהניאריג קינד, די אפגעשטארבענע פיס זיינען אויסגעדארט און הענגן, ווי דינע שטעקעלעך, און שרעקליך צו זעהען, ווען ער ליגט אזוי איינגעוויקלט אין פלאנעל. «בלייבט ניט אויס אזוי לאנג» — שרייבט ער צו זיין פריינדין — «דאס וואלט געווען אומפארזיכטיג פון אייער זייט».

ער האט זיך געוואלט באווארענען פון א צו פּאַראַדנער לוויה. ער האט ניט באדארפט וועגן דעם באזארגט צו זיין. זיין לוויה איז געווען מער, אלס באשיידן. דער קליינער הויפן לאנדסלייט, וואס באגלייט דעם פיל געליטענעם דיכטער צו דעם בית־עולם אויף Montmartre, צו דער אייביגער רעזידענץ, דערגרייכט די צאל נאר פון איין טוץ. עטוואס וויייניגער פון דער צאל, וואס איז נאכ־געגאנגען נאך אסקאר ווילדס מיטה, און מיט גאנצע ניין מענשן מער, ווי ביי דער לוויה פון סטענדאַלן . . .

---

# מנדלי.

מנדלי האט מיט גאנצע צוועלף יאר אריבערגעשטיגן דעם ביב־
לישן עלטער, און, ווען ארום אים זיינען פאַר די לעצטע יארן גע־
פאלן פיל יינגערע פאָרשטייער פון דער יידישער ליטעראטור, מיט־
קעמפער, חברים, אייניקלעך, איז דער זיידע נאך געשטאנען אויף
די פיס און האט ניט געוואלט שטארבן. דער גרויער דעמב איז
געווען טיף פאַרפלאנצט, געזונטע וואָרצלען האבן גענערט דעם
אפגעשוואכטן פון עלטער קערפער, ביז די נאטור האט מיט א לייזן
בעטן «שוין צייט, זיידעניו, אַלץ האט א שיעור» אויסגעלאשן
דעם שטילן, פארקלערטן פייער. אלזא, קענען מיר, אייניקלעך,
וועלכע האבן זיך איצט אויפגעקליבן אין א אפגעריסענעם ווינקל,
צווישן קאלטע, פרעמדע בערג, ערן דעם אנדענק פון דעם פיינעם
פאטריארך מיט א געוויסער רוה, מיט א אינערליכער שטילקייט —
דאס, וואס האט אונז אין גאנצן געפעלט, ווען מיר האבן אויפגענו־
מען די ידיעה וועגן דעם טויט פון פרץ, שלום עליכם, פרוג.
דארט איז געווען א אומגערעכטער צואיילן זיך פון דער נאטור,
איינפאך ארויסגעכאפט, אזוי ווי אפגענארט אונז, אבער דא שטייען
מיר פאר א געזעץ, און שטיל גיבן מיר זיך אפ די זכרונות וועגן די
מעשים און העלדנטאטן פון אונזער הערליכן זיידן, וועלכער איז א
מייסטער געווען אלס שריפטשטעלער און אויך א גרויסער קעמפער.
אין זיין צייט, פארשטייט זיך, אין יענער צייט, ווען די זון פון
השכלה איז אויפגעגאנגען איבער טונעיאדעווקע, טעטערעווקע, איבער
גלופסק מיט זיינע דרייסיג־פערציג לוזשעס און האט אויפגעדעקט
כאפערס, בעלי־טאקסעס, קליינע מענשעלעך, ציטעריגע נשמות,
שמוץ. עס איז געווען דאן א מוטיגע צייט. א אומבאדייטנדער

הויפן פון דער נייגעבוירענער יידישער אינטעליגענץ האט זיך אנגע־רירט, אנגעפלאמט ארום דער אייראפייאישער קולטור און, אומקערנדיג זיך מיט אטדעם פייער אין די יידישע שטעטלעך, איז זי פארציטערט געווארן פאר אימה און יאוש. דאס יידישע לעבן האט אויסגעזעהן דאן, ווי עס דארף אויסזעהן א אָקאָפּ, פינסטער און שמוציג. יידן האבן זיך אפגעגראבן פון דער אויסנוועלט, זיי האט זיך, אמת, איינ־געגעבן אפהיטן דאס קערנדיגע, אבער דערפאר האט ניט דערגרייכט אהין קיין זונענשטראל, דערפאר האט דארט געהערשט די אייביגע פינסטערקייט. דער כלל איז געווען זעלטן־קאנסערווירט, פארביג, אייגנארטיג. דער פרט, דער יחיד האט שרעקליך געליטן. דאס גאנצע רוסישע לעבן איז נאך געווען פרימיטיוו, די קליינע קרייז־שטאט און די רעזידענץ פון דעם פאמיעשטשיק, ארום וועלכער עטליכע וויאָרסט ווייטער איז געלעגן דאס יידישע שטעטל, דאס איז דער פּאָן פון דאמאלסדיגן רוסישן לעבן, איבער וועלכן, אין א נעפל פארהילט, מיט דער פאנטאזיע ארומגעשפינט, האבן זיך געפונען די גוואלדיגע סטאליצעס מיט די מערכענהאפטע גדולים און הארן. אין דערבע פארמען איז נאך געגאנגען דאס אלטעגליכע לעבן פון רוסישן פאלק, עס איז געווען דער פעריאד פון לייב־קנעכטשאפט אדער באלד נאך דעם אפשאפן פון לייבקנעכטשאפט. און יידן, ציהענדיג זייער חיונה פון דער אויסנוועלט, האבן מיט דעם באטראכט די באציהונגען צו אטדער אויסנוועלט פאר באענדיגט. ביי דעם גוי האט מען אויפן מארק אויפגעקויפט, וואס עס איז געווען מעגליך אויפצוקויפן, אבער באגעגנענדיג דעמזעלביגן גוטמוטיגן גוי ביים עק פון וואלד, אדער אין וואלד גופא, האט מען זיך געפילט אין דער גרעסטער סכנה, און דער גארנישט מיינענדיגער איוואן איז אויסגעוואקסן אין זיין פאנטאזיע אין א מוראדיגן גזלן. בנימין אין «מסעות בנימין השלישי», אין אטדעם הערליכסטן פון אונזערע ביכער, וואו עס ווערט מיט אזא ווייכן, זוניגן הומאר געשילדערט דער יידישער דאן־קיכאט מיט זיין שטרעבן אין די ווייטע, ווייטע

לענדער· וואו עס דארפן זיך געפינען די רויטע יידלעך· דער סמבטיון· יאָ· אט דער פרעכטיגער· פאעטישער בנימין· וואס איז אינגאנצן בארוישט פון פאנטאסטישע וויזיאנען· פיפערנאטערס· מולאייזלען· פארבלאנדזשעט· פארזונקען אין מחשבות· הינטער שטאט און נאך טיפער אין וואלד אריין· און עס דוכט זיך אים· אז ער דערהערט א קול פון א מענשן· גרויס איז זיין שרעק· גרויס דער קאמף מיט זיך· צי לויפן אדער אננעמען זיך מוט· און· ווייל בנימין קלייבט זיך אויפזוכן די רויטע יידלעך· קלייבט זיך א העלד צו זיין· קעמפט ער אויס אין זיך דעם מוט גיין אנטקעגן דעם קול: «אונזער בנימין האט זיך אומגעקערט טאקי צוריק און איז געגאנגען· באהארצט ווי א גבור· מיט גרויס בטחון· ביז ער האט פאר זיך דערהערט דעם גזלן· דאס איז געווען א פויער· וואס איז גע־פארן אויף א פאר אָקסן מיט אנגעלאדענע זעק אין וואגן·

דאברי־דיען! ־ האט בנימין· צוגייענדיג· א זאג געטאן ראַפּטעם אויף א משונה־קול· וואס ער האט אין זיך אלע טעמים: אי געשריי· אי געבעט· אי· ווי איינער זאגט: נא· נא· טו מיט מיר· וואס דו ווילסט! אי עפעס ווי א בקשה: גוואלד· האב רחמנות אויף מיר· אויף מיין ווייב און קינדער· נעביך»·

עס פארשטייט זיך· אז די אנגעשטרענגטקייט· וואס בנימין מאכט דורך· נעמט צו דאס לעצטע פון זיינע דערשראקענע· פאראליזירטע כוחות· ער פאלט· ווי טויט· אנידער און אז ער עפנט שפעטער־א־ווײלע די אויגן· זעהט ער· אז ער ליגט אין גויס וואגן אויף א זאק קארטאפל· צוגעדעקט מיט א גראבער סוויטא· דא הייבט זיך ערשט אן דער רעכטער שרעק· ליגנדיג אין וואגן· מאלט זיך בנימין די פארשיידנסטע בילדער· ווי מען פירט אים פארקויפן· דער קאנט־ראסט צווישן דעם גוטמוטיגן דארפגוי און דער מורא· וואס ער ווארפט ארויף אויף בנימינען· איז באשריבן מיט א קייכעדיגן הומאר· וואס איז אויסגעמישט מיט אביסל סאטירע· ווארום מנדלי האט געליטן· וואס זיינע קבצאנסקער· טונעיאדעווקער יידלעך· אזוינע בריות ביי זיך

אינדערהיים, צווישן אייגענע, זיינען אזוינע פחדנים ביי יעדער באַ־רירונג מיט דער אויסנוועלט. עס האט אבער אנדערש ניט געקענט זיין דאמאלס, ווען דער ארענדאר האט זיך גערעכנט פאר דער העכסטע שטופע פון וואלהאבנהייט און די אוסאַדבע פון דעם פאמעשטשיק פאר דעם צויבערשלאס, איבער וועלכן עס גייען לעגענדעס, איבער וועלכן עס איז געצויגן דער שלייער פון טויזנט אונד איינע נאכט. ווי האט אבער אויסגעזעהן דאס געטא אליין? פאר מנדליס אויג און פאר זיין אנגעווייטאגטער הארץ האט עס פארגעשטעלט א טרויריג בילד; דאס יידישע געטא איז געווען אנגעפילט מיט בטלנים, ליידיגגייער, צבועקעס, רעדלפירערס, צווייפלהאפטע שתדלנים, וואס האבן געזויגט דאס קהלשע בלוט, וואויללערנערס זיינען געזעסן אין בית־המדרש הינטער דעם אויוון, טרייבנדיג הויכע און שטעטישע פאליטיק, די ווייבער האבן געזארגט וועגן פרנסה און די קאטע־גאריע ווייבער, די פארזארגערקעס, די ברויטגעבערקעס, זיינען געווען אויף דאמאלסדיגער אַרט די עמאנסיפירטע, פאר אטדאס באזארגן האבן זיי זיך דערפאר געקויפט דאס רעכט שילטן דעם מאן מיט ביטערע קללות און סנדרל כאפט אמאל קלעפ אויך. די אנדערע קאטעגאריע ווייבער, וועלכע האבן ניט געהאט די פריווילעגיע, זיינען געווען פארשקלאפט. אין טונעיאדעווקער זומפן האבן זיך געמערט כל המיני פארדארבענע באשעפענישן און איבער יענע זומפן זיינען ארומגעלאפן די דורך גבירים אונטערגעקויפטע כאפערס, וואס האבן געכאפט ארימע יונגע לייט און געפירט זיי אין וואָינסקאיע פריסוטסטוויע אפגעבן זיי אין סאלדאטן אנשטאט די גבירישע זין. אלע מנדליס ביכער ריידן וועגן אטדעם סאציאלן עלנד פון יענער צייט, אין אלע ביכער טרעט ער ארויס ווי א קעמפער, בעל מוסר, מאראליסט. ער פרובט צוגיין צו אטדי זומפן אמאָל מיט דער בייסנדיגער סאטירע, אמאָל מיט א ווייכן ליריזם, און, אז אויף גני־לאפיאטאווקער ברעגן קומען גאר פאָר נבלות, לאזט ער דעם הימל דונערן און בליצן. בנימין און סנדרל, די טונעיאדעווקער דאן קי־

כאָט און סאנכא פאנטשא・ וואנדרעוועז מיט דעם ציל אויפצוזוכן די רויטע יידלעך・ אויפן וועג פאַרנארט מען זיי・ מען פארפירט זיי אין א אכסניה・ און די פארנארערס זיינען דוקא פרומע יידן・ וואשנדיג זיך ביים עסן・ באַטראכט ער・ אטדער פיינער ייד・ וואס פירט בנימינען פאר א קרבן・ די קוואָרט・ און・ אז אונזערע פאנטאזירערס・ בנימין און סנדרל・ זעהען זיך פארכאפט אין דעם וויסטן נעץ・ אפגעגאָלט・ אהן בערד・ אהן פאות・ ארומגערינגלט דורך סאלדאטן・ שליסט מנדלי אטדעם שוידערהאפטן עפיזאד מיט א מאראלישער נאטורשילדערונג・

«אויפן הימל האט זיך אנגערוקט א שווארצע・ פינסטערע כמארע・ א בליץ האט מיטאמאל באלייכט די דאזיגע קאמפאניע・ באלד דער־רויף האט א דונער געגעבן שרעקליך שטארק・ אז אלע זיינען פאר־ציטערט געווארן・ עס האט זיך אויפגעהויבן א שטורמווינט・ רעדלעך שטויב האבן זיך געטראגן ווי די רוחות・ פארכאפט אויפן וועג מיסט・ שטרוי・ בלעטלעך און שטיקלעך פאפיר・ אלע אינאיינעם האבן גע־טאנצט עפעס א משוגענעם טאנץ און זיך געדרייט・ געדרייט אלץ אינדערהויך・ ארויף・ ארויף・・・ די טשערעדע פון פעלד איז געלאפן אומרוהיג מיט א געשריי און א רעווען・ ווי א סטאיע הונגעריגע וועלף וואלטן זיי נאכגעיאגט・ עס האט געשטורעמט・ געבליצט・ גע־דונערט・ גלייך ווי דער אויבערשטער איז שטארק אויפגעבראכט גע־ווארן אויף דער זינדיגער ערד און אויף אלצדינג・ וואס דא גייט פאר・ ער האט זיך אנגעכאפט ביים קאפ・ געבליצט מיט זיינע צארנ־דיגע אויגן・ געהילכט און געשריען・ אַי・ אַי・ מיט זיין דונערדיגן קול・ עס האט צומלעצט א זעץ געטאָן א משונה שרעקליכער דונער・ פון הימל האבן אראפגעקאפעט ווי טרערן גרויסע טראפנס רעגן・ וואס אין זיי האבן זיך אויסגעמישט טראפנס רויט ־ שווייס און בלוטיגע טרערן פון אונזערע בידנע・ אומגליקליכע פארשוינען»・

מיר ווייסן געוואוינטליך・ אז צו אפט קומען פאר אין דער וועלט די נידערטרעכטיגסטע געמיינהייטן דוקא ביי דעם הערליכסטן וועטער・

די זון לייכט נאך צו· אדער באציהט זיך בכלל מיט גרעסטער גלייכגילטיקייט צו אלע גזלות און רציחות· נאר ווי כאראקטעריסטיש איז פאר מנדליס מאראלישן פאטאס· פאר זיין טיפן געפיל פאר סאציאלער גערעכטיגקייט· וואס מ׳קען ניט לאזן· אז מען זאל אפ־געבן בנימינען מיט סנדערלען אין סאלדאטן אהן דעם· אז לכל הפחות דער הימל זאל פראטעסטירן מיט בליצן און דונערן· איז מען אויף דעם וויטן שטח פון גלופסק· טעטערעווקע· גנילאפיאטאווקע· קבצאנסק טויב און מען הערט ניט די זיפצן· קרעכצן פון אונזערע בידנע פאר־שוינען· מישט זיך דערפאר גאט אריין און שרייט פון הימל «אַי· אַי»· העלפן קען ער· דער גאט· ניט· בנימינס גורל איז פארחתמעט· ער שטייט שוין אין דער פריסוטסטוויע· פארטרייבט ער כאטש פון כעס די טשערעדעס· און די בהמות לויפן· פונקט ווי הונגעריגע וועלף וואלטן זיי נאכגעיאגט· און ווינטן שטורימען· און א יריד איז אויפן הימל: אלץ· ווייל מען האט דעם טרוימער בנימין אנגעטאן א עולה·

צו אטדער קינסטלערישער בוטאפאריע גרייפט מנדלי אין זעל־טענע פאַלן· געוואוינליך איז זיין כלי זין דער סארקאזם· די איראניע· מיט אטדעם כלי זין זוכט ער אויף דעם אונטערן אויבן פון טונע־יאדעווקער בית המדרש· די באָד להבדיל· דעם מארק· די אכסניה אין גלופסק· וואו עס האדעווען זיך אויף קהלשע געלט די כאדא־טאיעס· די פראשעניע־שרייבערס און נאך אזוינע צווייפלהאפטע פארשוינען· מיט אלע איינצלהייטן באשרייבט ער זייערע תנועות· ער לאזט ניט קיין איין אומבאלויכטענעם אָרט און פונקט· ווי ער פארפאלגט מיט זיין פארביטערטער פען די קליינע מענשלעך· אזוי אויך מאכט ער מאוס אין אונזערע אויגן די אמאליגע גלופסקער גאסן· דורכאויס בלאטעס· זומפן· רינשטאקלעך·

«אז איר קומט אריין קיין גלופסק דורך דער טעטערעווקער גאס· זאלט איר מוחל זיין אריבערשפרינגען דארט איין בלאטע· ווייטער אביסל אַ צווייטע· נאך ווייטער אַביסל די דריטע· סאמע די גרעסטע»· מיט

איין ווארט· גלופסק מיט זיינע דרייסיג אדער פערציג זומפן· באטראכט· וואס פאר א נעמען מנדלי גיט זיינע שטעט און שטעטלעך· אין די נעמען אליין שטעקט שוין די פאראכטונג צו יענער צייט· מיט וועלכער מנדלי· דער פרייער גייסט· האט געקעמפט· די נעמען אליין זאגן אן· אז באלד וועט פאלגן דאס ביטערסטע ראנגלען זיך מיט די פינסטערע כוחות· טרויסטלאזע נעמען: צובייאטשוץ· קבצאנסק· טונעיאדעווקע· וואס קען גוטעס פארקומען אין שטעט מיט אזוינע נעמען? ווי ווייט זיינען אטדי שטעטלעך פון די· וועלכע דער שפעטערדיגער דור יידישע שרייבערס האט געשילדערט און אידעאליזירט· אמת· אפט פאסירט· אז מנדלי· ווען ער זאגט ייליגע אויפגאבע איז געווען צו פלוכן· צו ראַמען און אויסראטן· אפט טרעפט· אז ניטווילנדיגער־הייט בענטשט ער· און דאן זעהען מיר· אז טונעיאדעווקע איז נישט נאר אין די קליינע מענשלעך אויסגעדריקט· אז דארט אין בית המדרש הינטער דעם אויבן הערשט ניט נאר דער גייסט פון בטלנות· נאר נאך עפעס אנדערס· און דאס אנדערע איז פון דער גרעסטער וויכטיגקייט· פילייכט דאס איינציג וויכטיגע· באטראכט נאר דעם טומל· ווען עס ווערט אין טונעיאדעווקע פון אימעצן געבראכט א טייטל·

«על פי מקרה האט איינער אמאל אין דעם שטעטל געבראכט א טייטל· האט איר באדארפט זעהען· ווי מען איז דאס געלאפן אנ־קוקן אויף חידושים· מען האט אויפגעמישט א חומש און געוויזן· אז תמר· דער טייטל· שטייט אין חומש! סטייטש· דער טייטל· אט דער טייטל· וואקסט דאך פון ארץ ישראל!··· קוקנדיג אויפן טייטל· האט זיך אויסגעדאכט· ארץ ישראל איז פאר די אויגן· אט גייט מען איבער דעם ירדן· אט איז די מערת המכפלה· דער מוטער רחלס קבר· דער כותל מערבי· אט באדט מען זיך אין חמי טבריה· מען קריכט ארויף אויפן הר הזיתים· מען עסט זיך אן מיט באקסערן· מיט טייטלען· און מען לייגט אן פולע קעשענעס מיט ארץ־ישראל־ערד· אך· האט מען געקרעכצעט· און אין די אויגן האבן איטלכן זיך געשטעלט טרערן· יענע צייט· אזוי זאגט בנימין· איז גאנץ

טונעיאדעווקע, ווי גרויס זי איז געוועזן, געוועזן אין ארץ ישראל. מען האט געשמאק גערעדט פון משיח׳ן».

מנדלי וויל פלוכן, אבער עס קומט אויס, אז ער בענטשט, נישט־ווילנדיג בענטשט ער. די התפעלות, וואס טונעיאדעווקער יידן באַקומען פון טייטל, וואס א צופעליגער גאסט האט פארטראגן אין זייער ווינקל, די פעהיגקייט, וואס אטדער הויפן קבצנים דערשפירט אין זיך מיטאמאל, אוועקצוטראָגן זיך אין ווייטע וועלטן, איז פון אזא פאזיטיוון ווערט, איז פון אזא גייסטיגער שיינקייט און פארקלערט־קייט, וואס ווייזט אונז, אז הינטער די בלאטעס, זומפן זיינען גאנצע אוצרות געלעגן פארגראבן, דא איז דער ניצוץ, פון וועלכן דער שפע־טערדיגער דור וועט שעפן זיין גייסטיגע חיונה און זיך מיט אים קוויקן, דא אנטפלעקט זיך פאר אונז די נשמה יתורה פון טונעיאדעוו־קער תושבי. מען האט געשמאק גערעדט וועגן ארץ ישראל. אין יענער צייט, ווען מען האט געמוזט קעמפן פאר עלעמענטארער בילדונג, פאר דאס, אז מען זאל ניט שלאגן די קינדער אין חדר, אז מען זאל איינריכטן די שטיבער זויבערער, אז מען זאל ניט לאזן זיך נארן דורך קהלשע בלוטזויגערס, אין יענער שטורם־ און דראנג־צייט איז אטדי סאַנטימענטאלע באגייסטערונג אויך געוועזן א סימן פון בטלנות, אבער אזא עטיש לירישער פילאסאף, ווי גיָהיאָ, צום ביי־שפיל, וועלכער זאגט, אז א פאעטיש רייכער מענש קען, ווען מען דערלאנגט אים א גלאז מילך אדער א ביסל גרינעם סאלאט אויף א טעלער, דורך דעם כוח הדמיון מאלן די שענסטע נאטורלאנדשאפטן און דארפישע אידיליעס, ־ גיָהיאָ וועט אין די פארשלומפערטע טונעיא־דעווקער יידן זעהן אסך פאנטאזיע, אסך טרוימערייען, וואס באַדארפן באווייזן, אז אויסער אטדער וועלט, איז דא אין זייערע נשמות נאך א וועלט, א פיל העררליכערע. געוויס, אהן אטדער פעהיגקייט דורך א נישטיגן טייטל באגייסטערן זיך ביז צום «געשמאק ריידן וועגן ארץ ישראל», וואלט נישט באשטאנען די מעג־ליכקייט שאַפן דעם שפעטערדיגן דור די שענסטע חסידישע לע־

גענדעס׳ אהן דעם וואלט די יידישע ליטעראטור ניט געהאט דעם זוניגן׳ הארציגן טביהן׳ אהן דעם וואלט פרץ ניט געקענט שרייבן זיינע פאלקסטימליכע געשיכטן׳ און אהן דעם וואלט נישט געוועזן מעגליך א יידישע נאציאנאלע באוועגונג·

אבער אין דער עפאכע׳ אויף וועלכער עס איז אויסגעפאלן די ליטערארישע טעטיגקייט מנדליס האט מען אויף יענעם ניצוץ ניט געקענט צופיל אויפמערקזאם זיין· די עפאכע יענע׳ דעם דור־השכלה׳ מוזן מיר שטענדיג האבן אין זינען׳ ווען מיר פארטראכטן זיך וועגן אונזער גרויסן זיידן׳ ווען מיר שארן אין די רייכע אוצרות פון זיינע ווערק· מיר מוזן זיך אינגאנצן ארייננטאן אין יענער צייט׳ אויפפאסן א פארגאנגענעם דור׳ אונזערע טריט מוזן זיין זעהר פאר־זיכטיג· ווארום׳ האבן מיר זיך צוגעוואוינט צו אנדערע׳ באקוועמערע וועגן: ווי שיפער׳ וואס רייזן אין אומבאקאנטע וואסער־געגענדן׳ האלטן שטענדיג דעם קאמפאס׳ כדי ניט צו פארבלאנדזען׳ חלילה׳ אזוי דארפן מיר אויך זיך אנשטרענגען ערנסט זיין׳ ווען מיר באטרעטן דאס געביט פון טונעיאדעווקע· ווארום בלי־ספק: מנדלי געהערט צו די טאלענטן׳ וועלכע מען טאר ניט ארויסרייסן פון די ראמען פון זיין צייט׳ צו ענג איז ער מיט איר געוועזן פארבונדן׳ צו ביטער האט ער דארט געקעמפט׳ און אין זיינע ליטערארישע מאנומענטן האט זיך די גאנצע עפאכע אפגעשפיגלט·

מיט דעם איז אבער ניט געזאגט׳ אז מנדלי האט נאר היסטארישע פארדינסטן׳ אז ער איז פאר אונז נאר א פארגאנגענהייט· ניין׳ מנדלי איז א בלייבנדער אוצר׳ א שטענדיג רוישנדער קוואל׳ פון וועלכן מיר קענען נאך איצט אויך שעפן׳ דען׳ ווען אפילו׳ דורך דעם קאמף געטריבן׳ האט מנדלי׳ געמוזט זעהר אפט אויפגעבן אין זיך דעם פרעכטיגן קינסטלער׳ דעם דעטאליסט׳ וואס וואלט מיט דעם גרעסטן פארגניגן אפגעשטעלט זיך לעבן יעדער קלייניגקייט׳ און באשריבן עס׳ באלויכטן׳ באצירט מיט די רייכסטע פארבן פון זיין באהארצטער׳ צארטער שפראך׳ ווען מנדלי׳ זאג איך׳ האט דורך די

עובדה, וואס ער האט אויף זיך גענומען, געמוזט דערשטיקן דעם קינסטלער און לאזן הערשן דעם פובליציסט, האט דאך דער קינסט־לער דורכגעשלאגן זיך א וועג דורך די פובליציסטישע דערנער, און עס איז אנטשטאנען א רייכע גאלערעע טיפע געשטאלטן, וואס וועלן קיינמאל ניט פארטונקלט ווערן, ווארים א אמת'ער מייסטער האט זיי געשאפן. דעם קינסטלער מענדלין צו געניסן דארף מען זיך ניט צו אנשטרענגען, עס איז גענוג אוועקזעצן זיך און הערן: דא זיינען מיר אין דער וועלט פון דויערנדע ווערט, דא הערשט דער שטענדיגער מוסטער. דער זיסער קול פונם נאכטיגאל האט גע־קוויקט אדם הראשון, פונקט ווי דעם מאדערנסטן מענשן; דא איז לייכט, און פרייע ריינע לופט, פון איר האבן דעמזעלביגן נחת געהאט די פריהערדיגע דורות, די איצטיגע, ווי די קומענדיגע, דען אומ־פארגענגליך זיינען די ווערק פון אמתער קונסט.

א שטענדיגער אוצר, פון וועלכן מיר וועלן קיינמאל ניט אויפ־הערן שעפן, איז אויך די שפראך מנדלים. ער האט אין א פאר־גליווערטן, טויטן ארגאניזם אריינגעהויכט לעבן און זאפט, אין די אדערן האט אנגעהייבן פליסן בלוט. ווי טויטע, אפגעזונדערטע, איבער פארשיידנע קעסטעלעך צווארפענע אותיות איז געלעגן דער שפראך־אוצר. איז געקומען מנדלי, האט עס צוזאמענגעקליבן, באריהרט מיט זיין צויבער, און עס איז אנטשטאנען דאס ווארט, מנדלים יידיש, וואס איז אזוי מעלאדיש, זיס, הארציג און אינטים. די קאפוליער יידן, וואס האבן זיך אין מארק איבערגעווארפן מיט ווערטער, האבן געוויס ניט געחלומט, אז מנדלי וועט אטדי אלע ווערטער אויפכאפן, און מיר וועלן זיך דורך אים דערוויסן, וואס פאר א פארביגע שפראך די קאפוליער יידן האבן דאס אייגנטליך פארמאגט. מנדלי האט ליב אין זיינע ביכער אפט געברויכן דאס ווארט «געשמאק». – «מען האט געשמאק גערעדט וועגן ארץ ישראל», די זון האט «געשמאק געווארמט». בנימין, ארויסגייענדיג אין וואלד, האט זיך אנגעלענט אן א בוים און «געשמאק געטראכט». אט מיט

דעם זאפטיגן באגריף, וואס חזרט זיך איבער אזוי אפט ביי מנדלין, קען מען איבערגעבן דעם ערשטן איינדרוק פון זיין שפראך: מנדלי שרייבט געשמאק און עס איז אים געשמאק צו לעזן, זיין רייכקייט אין װענדונגען, אין באטאנען, אין צוזאלצן, צופעפערן אדער, פארקערט, צוזיסן, צוהארצן איז אומגעװאוינליך, עס איז דאס רייכסטע, מערכענ־האפטסטע בשמים־געװעלבל ערגעץ אין טיפן מזרח. צו דער ליט־װישער שארפקייט קומט צו דער אוקראינישער חן, דאס לירישע און װייכע, עס שמעקט מיט װאָלין און פאדאליע. און װאס פאר א מייסטער איז ער אין פארײדישן א גויאיש װאָרט, װאס פאר א ליבקייט באקומט אט דאס «בידנע פארשוין», אט דאס «צוויטעָן» (פון אוקראינישן «צוויט», בליהען), אט דאס אריינ־פלעכטן מיטאמאל «סעָרדצעָ־קרוין». און ניט די פרעמדע װערטער האט ער פארײדישט, נאר אויך די נאטור. זעהר טרעפנד האט זיך ביאליק אויסגעדריקט, אז מנדלי האט די נאטור מגייר געװעזן. אלעמאל שטייט אין װאלד מנדליס װעגעלע מיט זיינע ספרים און אין דעם שלעפערדיגן פויגלגעזאנג, אין א זומערפאר־נאכט, מישט זיך שטענדיג אריין דער אשרי יושבי ביתך. אויף דעם געביט האט מנדלי געשאפן אייביגע קונסט, אריגינעלע. שלום־עליכם װעט זי נאך װייטער אנטװיקלען, פארפולקומען, װייל ער איז נאר ליריקער, נאר הומאריסט, און װייל עס פעלט אים די ביטער־קייט מנדליס, די גאַל פון קעמפער. אבער שלום־עליכם איז דאך א אייניקל. אהן דעם זיידנס האנט װאלט ער דעם װעג פילייכט ניט געטראפן.

די ביטערקייט, דער צארן, דער בייזער שפּאָט – מיט דעם זיינען אנגעפילט מנדליס ביכער. און דאס איז שוין ניט דאס אייביגע, דאס איז שוין היסטאריש, און דאס איז **דער** עלעמענט פון זיין שאפן, װעלכער פאדערט פון אונז יענע אנגעשטרענגטקייט, יענעס קענען זיך אריינלעבן אין א פרעמדער עפאכע, װעגן װעלכער איך האב פריהער גערעדט. אהן דעם װעלן מיר ניט קענען װירדיגן, װי

געהעריג, מענדליס ברען, פאטאס, דעם צארנדיגן פראטעסט אין נא־מען פון השכלה, פון הומאניטעט, זאגאר אין נאמען פון היגיענע און פון דער איינפאכסטער, פרימיטיווסטער קולטור. אום דאס צו פארשטיין, מוז מען קוקן אויף די טונעיאדעווקעס פון יענער צייט ניט מיט אונזערע, מידע, מיט ראמאנטיזם פארשלייערטע אויגן, נאר מיט די ווייט אויפגעשלאגענע, פלאמענדיגע אויגן פון א יונגן מאן אין יענער צייט, וואס האט אקארשט געענדיגט די ראבינער־שול און האט זיך אנגעלעזן מיט שילערן און לודוויג בערנע, און, קומענדיג אין א יידיש שטעטל, זעהט ער פאראלטערטע פארמעס, פאַרשקלאפטע פרויען, דעספאטישע גבירים, דאנאסטשיקעס, כאפערס, און, זעהענדיג דאס, גיט ער זיך די הייליגע שבועה קעמפן ביז צום לעצטן און מיט אלע כוחות אריינברענגען ליכט אין יענער פינסטערניש.

מיר טארן ניט צוגיין מיט אונזער איצטיגן מאסשטאב, מיט אונ־זערע באגריפן, מיר מוזן פארגעסן, אז מיר זיינען מידע, אנטטוישטע קינדער פון צוואנציגסטן יארהונדערט, פאר וועלכע אזוינע ווערטער ווי קולטור, ציוויליזאַציע קלינגט עפעס מאדנע, ווי א איראָניע, ווי א אומפארנעמער רייצן זיך מיט אונז; מיט אונז, ערפארענע און ביטער אפגענארטע.

מיר מוזן פארגעסן די אלע אידיליעס, וועלכע אונזערע שרייבערס פון דעם לעצטן דור האבן אויסגעוועבט דוקא פון יענער (פאר די משכילים אזוי געהאסטער) צייט, מיר מוזן פארגעסן די פארקלערטע, טיפע, מעלאנכאלישע מאנאלאגן רב אבא׳ס ביי אָנכּי, צייטלינס ארבעטן וועגן חסידיזם, בערדיטשעווקיס מעשות, מארטין בובערס פארהערליכונגען פון די לעגענדעס. אונזער איבערטרייבנדער ראַ־מאנטיזם, וואס איז אנטשטאנען אדאנק אונזער מידקייט, אדאנק אונזערע אנטטוישונגען, צווינגט אונז באזינגען דאס אמאליגע לעבן אין יידישן שטעטל. אונז אנטציקט דער פלאמענדיגער חסיד, וואס ווארפט אוועק ווייב און קינד, טרייסלט אפּ פון זיך די עולמות און לאזט זיך וואנדרעווען ווייט, ווייט צום רבי׳ן און אומקערן זיך ערשט

אין א יאר צוריק, נאכדעם ווי אלע האבן אים שוין באקלאגט, פאר פארלארן געהאלטן, אומקערן זיך צוריק צופוס, פריילין, פריש מיט א ניגון, מיט א נייעם ניגון פון רבי׳ן.

אָבער ביי מנדלין איז אטדער חלום אונזערער צעשטערט, דאס גאנצע פאנטאזיעבילד צערינט, ווי א לייכטער נעפל. מנדליס חסיד איז אליידיגגייער, א טויגעניכטס, א פאראזיט. הערט נאר די ביטערע רייד פון דעם חסידס ווייב, ווען זי קומט צום רב קלאגן זיך אויף איר מאן און פאדערט גט. זעהר וויניג ראמאנטיק אין אירע רייד, זי שילדערט איר מאן מיט אומברחמנתדיגער אָפנקייט, גאנצענע טעג און וואכן פארגייען ביי אים אין פוסטע שמועסן הינטערן אויבן, אין דעם אביסל בראנפן נאכן דאוונען, די היים אינטערעסירט אים ניט, אויף די קינדער קוקט ער ניט, קומט ער אריין, מוז אלץ זיין גרייט, און קומט דער פרייטאג, נעמט ער צו ביי דער ווייב די לעצטע עטליכע גראשן, און שלענדערט צו זיין רבין. פרובט זי יא אמאל א ווארט זאגן, דאן פליהען איר דראהונגען, סטראשונקעס, זי וועט א וויסטע עגונה בלייבן, אין בעסטן פאל שטויסט ער זי אפ מיט דעם «עט», וואס פארשטייט א יידענע».

פונקט ווי אונזער ראָמאַנטיזם איז איבערטריבן, אבער ער איז א פסיכאלאגישע נויטווענדיגקייט, אזוי איז אויך דער שארפער רעאליזם מנדליס געווען איבערטריבן, אבער ניט וויניגער א נויטווענדיג־קייט. פריהער פאר אלץ איז ער ארויסגעטראטן אלס סאציאלער רעפארמאטאר. ער האט געפאדערט יושר ביי די גבזרים, בעל־טאקסעס, וואס האבן געהערשט איבער דער געמיינדע, ער האט גע־פאדערט ריינליכקייט אין די שטיבער, איידעלע פארמען אין אומגאנג, אכטונג צו דער פרוי, צו וועלכער עס איז נאך דאן געווען א ריין אריענטאלישע באַציהונג, ער האט געפאדערט מענשנרעכט און אינ־גאנצן אפגעגעבן זיך דעם פארטיידיגן פון אטדי פרינציפן, ער האט זיך אוועקגעשטעלט אין צענטר פון דאמאלסדיגן לעבן און העלדיש, צוזאמען מיט פילע אנדערע, געקעמפט. און דאן איז עס געווען,

ווען דער פובליציסט, דער סאטיריקער האט געהערשט, און דער קינסטלער האט געשוויגן, אדער אפגעקומען מיט קלייניגקייטן.

«אין א שיינעם פריהמארגן שפאציר איך מיר אזוי צווישן וויגנדע קארנפעלדער און, איידער איך האב באוויזן זיך ארומקוקן, בין איך שוין געשטאנען אין גרויסן, געדיכטן וואלד. איך בין געגאנגען אלץ טיפער און טיפער, אראפגענומען די טאָרבע פון די פלייצעס, אויס־געצויגן מיין קאפטל און זיך אויסגעשפרייט צופוסן פון א שאטיגן בוים. מילא, וואס איז דא צו דערציילן? א וואלד, ווי אלע וועלדער, בוימער זענען בוימער, גראז איז גראז, און פייגל זענען פייגל» (פישקע דער קרומער).

ווי כאראקטעריסטיש אטדי שטעלע איז. מיר ווייסן, ווי מנדלי האט זיך געקענט דערווארימען ביי א אידילישן פייזאזש. מיר ווייסן ווי ער האט ליב מאלן, דעטאליזירן. אין א אנדער אָרט איז ער זיך מודה, אז ער האט א מין חולשה צו גאטס נאטור, צו אלץ, וואס שפראָצט און בליהט, און אטדער חולשה האבן מיר צו פארדאנקען מייסטערהאפטע נאטור־שילדערונגען. נאר ווי אפט באפאלט מנדלין דער פובליציסטישער פאַראָקסיזם. און דאן איז ער מוראדיג קארג, דאן זשאלעוועט ער ווערטער און, אנהויבנדיג מאלן, ווארפט ער אוועק אינמיטן די קעסטל מיט פארבן, צעבייזערט זיך און וויל אונז פארזיכערן, אז עס איז גארניט באזונדערס פארהאנען, וואס צו דער־ציילן, אז בוימער זענען בוימער, גראז איז גראז. דער פובליציסט, דער קעמפער פאר בילדונג, יושר אין געזעלשאפטליכן לעבן איז גובר דעם קינסטלער און פאַריאָגט אים.

ליבע דורך האס, דורך צארן, דורך ביטערקייט איז איינער פון די וויכטיגסטע מאמענטן אין מנדליס ווערק. ער געברויכט אלעמאל דאס ווארט «יידלעך» אנשטאט יידן. דאס קען אמת אביסל אפ־שטויסן, עס ווירקט אומאנגענעם. אין אטדעם איבערגעחזרטן «יידלעך» פילט זיך א גרינגשעצונג, א מין פאראכטונג. אבער דאס וועט זיין ניט ריכטיג. מנדלי איז געוועזן פארביטערט, אבער ער האט שטארק גע־

ליבט זיין פאלק. און אפט פלעגט זיין הארץ ווייך ווערן, און דאן פלעגט ער קרעכצן, אכצען, טרערן פארגיסן און «יידלעך» האט שוין דאן עפּעס אנדערס געקלונגען.

פארהאנען א שטעלע אין מנדליס גלענצנדער דערציילונג «שם און יפת אין א וואַגאן», וואס אנטפלעקט פאר אונז זיין וויינענדיגע נשמה. ער שילדערט ווי א עדה יידן, יידענעס, קינדער באשטייגן א צוג, שילדערט דעם טומל, די שטופעניש, די בערג מיט קישענס און זעק, שילדערט בייזן ביטער, און מיטאמאָל ווערט דער כעס אייגעלאשן און מנדלי איז זיך מודה:

«איך בין זיך מודה, וואס פאר גאט דאס פאר לייטן, אז תחילת האב איך געהאסט אין הארצן מיינע שכים, גלייך ווי זיי זאלן עפּעס מיינס פארנעמען, און ווי דער אמת איז, האבן זיי מיך טאקע ניט געלאזט רוהען, און אין הארצן האב איך געשאלטן מיין ביטערן מזל, וואס האט מיך אויפגעקאָמפּאַנירט מיט אַזעלכע מאדנע משונהדיגע און דאקוטשליווע נפשות. נאר, אז איך האב זיך צו זיי גוט צוגע־קוקט און זיי באטראכט, איז אין מיין הארץ געווארן א איבערקע־רעניש זיי צום גוטן, און האב אנגעפאנגען פון זיי אנדערש צו דענקען. זייערע קליידער, משטיינס געזאגט, זייער געשטאלט און זייערע פנימער, וואס זיינען שווארץ ווי די ערד, האבן גאנץ בשיינפערליך באוויזן, אז זיי זיינען נעביך אומגליקליכע, וואס האבן זיך אין לעבן געגנוג אנגעליטן, גענוג אויסגעשטאַנען, און דאס הארץ האט מיר געריסן פאר רחמנות אויף זיי. די ביטערע זיפצן יעדע מינוט פון דער מוטער, האבן מיר געמאכט א לאך אין הארצן, דאס פלייסן זיך פון דעם פאטער מיט די עלטערע קינדער מיך ניט צו דריקן און ענג צו מאַכן, האט מיך פארן הארצן גענומען, און מער פון איטליכן האב איך מיטלייד געהאט מיט דעם זויגנדיגן קינד, וועל־כער האט געדרעמלט שוואך, אהן קרעפטן, אהן בלוט אין די ליפע־לעך, אהן אטעם אין זיין יונגער ברוסט, נאכדעם ווי ער האט זיך נעביך אנגעשריען ביי דער מוטער אויף די הענט – דאס אלץ איז

פאר מיר געגוג געווען זיך פארצושטעלן דאס שווערע· ביטערע לעבן פון דעם אומגליקליכן געזינד· עס האט מיר זיך פארגעשטעלט אין מיין געדאנק נאך טויזענטער אזעלכע טרויעריגע· אומגליקליכע פאמיליעס· וועלכע ליידן הונגער· דחקות· טראגן דעם בינטל צרות· שטיל אנבייגענדיג דעם קאפ· און מיין הארץ האט ביטער געוויינט אויף זיי נעביך»·

יא! און מנדליס הארץ האט ביטער געוויינט· עס איז אים געווארן א לאך אין הארצן· און דאן האט זיין פעדער באַקומען א זאנפטקייט· א ווייכקייט· ביז גאר רירנדעס· און דער אויסדרוק «יידלעך» האט שוין ניט געהאט יענעם אומאנגענעמען שטריך· נאר עפעס אינטימעס· אייגענעס· פארהאנען ביכער גאנצע· וואו דאס «לאך אין הארצן» גיט זיך מער צו פילען· איידער זיין צארן· זיין ביטערקייט· וועלכע איז אויך געווען שטענדיג אויס גרויס ליבע צו זיין בידנעם פאלק·

און דאס האבן געוואוסט די טונעיאדעווקער· גלופסקער אייניקלעך· ווען זיי האבן מיט עטליכע צענדליגער יאר שפעטער געפייערט און מקבל פנים געווען זייער זיידן שוין ניט אויף די ברעגעס פון גנילאפיאטאווקע· נאר אין די גרויסע שטעט· און זעהענדיג אטדעם ענטוזיאזם פון די אייניקלעך· האט זיך דער זיידע דערמאנט אן אמאליגע שלאכטן זיינע און· שמייכלענדיג· געווויס געטראכט: אויף נאמנות· יענע טונעיאדעווקער יידן זיינען אויך אפנים נישט געווען אזוי שלעכט· ווי איך האב געמיינט· ווארום ווי מאלט זיך עס דען· אז זיי זאלן האבן אזוינע בראווע· הארציגע אייניקלעך·

איך האב געזעהן מנדלין גראד באלד נאך זיין טריאומף־רייזע איבער ליטע און פוילן· ווען ער האט זיך אומגעקערט קיין אדעס צו זיך אהיים· עס איז געווען א טרוקענער זוניגער הארבסטטאג· מיר זיינען א גאנצע קאמפאניע (ביאליק· ראווניצקי· פרץ· הירשביין) געגאנגען צו מנדלין הערן· ווי אים איז געפעלן דער ערשטער גרויסער ארויספאר· און אט זיינען מיר געזעסן ארום מנדלין ביים רונדן טיש אין ברייטן ארבייטסצימער· מנדלי האט דערציילט מיט

התלהבות דאס, וואס ער האט געזעהן, איבערגעלעבט, ער האט גע־שמאק גערעדט, בעהארצט, עס איז שוין געוועזן ניט א לאָך אין הארצן, נאר א טיפע פרייד און באפרידיגונג. און, אזוי ווי מיד אביסל פון דערציילן, האט ער פארנייגט דעם קאפ, דעם זעלטענעם ווייסן קאפ, פארלייגט א האנט אין א האנט, פארטראכט זיך, און זיס־זיס צעשמייכלט זיך, און דאן איז ער געוועזן ענליך צו דעם מאָנבלאַן ביי א שיינעם זונענאונטערגאנג.

מיר דוכט אלץ, אז מיט דעמזעלביגן זיסן שמייכל איז אונזער זיידע אריבער אין דער אנדערער טיפערער וועלט.

---

# שלום־עליכם.

דער אינטימסטער און הארציגסטער דיכטער אין דער יידישער ליטעראטור, וולכער פלעגט זיך שטענדיג צו דער רעכטער צייט מעלדן און צעשטרייען די כמאַרעֶס, דערלייכטערן דעם געמיט, נישט לאָזן, אז די זארגן זאלן צודריקן ביז דער ערד, א נאהנטער פריינד, וולכער האט אונז אזוי גוט געקענט ביז די פארבאָרגנסטע ווינקעֶלעך, געֶקענט אונזערע פעלערן און געטאדלט זיי אין א אויסערסט מילדער, הייטערער פארם — אָט דער פריינד איז קיינמאל ניט געווען לעֶסטיג, קיינמאל ניט מיסברויכט מיט זיינע רעכט, קיינמאל נישט ארויסגעטראטן אין דער פאָזע פון א שטראָפער, פון א נביא. ער איז אלעמאל געווען דער געווינשטסטער גאסט, קיין זאך האט מען פון אים ניט באַהאלטן, אים האבן ליב געהאט אלע: אלטע יידן, יונגע, פרויען, קינדער, ארעם און רייך. דער ווירקליך אומפארגעסליכער.

הייבסט אן איבערטראכטן, וואס איז דאס געווען אזוינס, וואס האט צו אים באזונדערס געצויגן, אין וואס איז באשטאנען דער כשוף זיינער, טראכסט איבער און קומסט צום שלוס, דאס דער צענטר פון שלום עליכם׳ס מאכט איז באשטאנען נישט נאר אין זיין גרויסן טאלענט, אין זיין שפראך, אין זיין געניאלן הומאר, נאר איבערהויפט, אין דעם אומערשעפליכן קוואל פון צערטליכקייט און ווייכן ליריזם. אהן אטדער צערטליכקייט, אהן דעם ליריזם וואלט זיין געֿלעכטער קיינמאל ניט ארייננעדרונגען צו אונז אזוי טיף און קיינמאל ניט געהאט אויף אונז אטדי אויפפרישנדע, געזונטע, מאראלישע ווירקונג, אהן אטדעם שטענדיגן ליכט פון אינטימקייט און גרענצנ־לאזער הארציגקייט וואלט געווען אומערקלערליך, פארוואס, לעזנדיג שלום עליכמען, נאכדעם ווי מיר ענדיגן זיינע א דערציילונג, א

מאנאלאג, בלייבט א זיסער געפיל פון יענעם לייכטן, ערהאבענעם
ווייטאג, ציילן־ווייטאג, וועלכער באפרוכפערט אונזער גייסט און מאכט
אים עמפּפענגליך צו אלעם גוטן. מען לאכט זיך אן, לייענענדיג שלום
עליכמען, און דעם געלעכטער באגלייט כמעט שטענדיג א טרער, אבער
ניט קיין שווערע מוטנע טרער, וואס ווארפט זיך ארויף אויף אונזער
געמיט, ווי א שטיין, נאָר א ריינע טרער, א פארגרינגערונגס־טרער,
נאָך וועלכער עס ווערט עפּעס מאדנע לייכט און פריש. אהן די
אויבענדערמאָנטע גרונט־מעלות וואלט שלום עליכם׳ס געלעכטער גע־
ווען אדער דער געלעכטער פון א בייזן סאטיריקער, פון א
היפּאכאנדריק, אדער דער לייכטוואגיגער געלעכטער פון א
אָפּלאכער סתם. ניט דער ערשטער און ניט דער צווייטער זיינען
געזונט. דעם ערשטען, דעם היפּאחאנדרישן סאטיריקער, אנער־
קענענדיג זיינע געזעלשאפטליכע פארדינסטן, האט מען ניט ליב,
ווייל ער איז שווער און וואלקנדיג. דעם צווייטן קען מען לאנג
ניט פארטראגן, ווייל ער איז א אָפּלאַכער נאר, ווייל לייכטזיניג־
קייט קען נישט זיין דויערהאפט, ווייל ער איז א פּוסטאפּאסניק.
שלום־עליכם׳ס הומאר איז דורכגעזאפּט מיט ליבע צום מענשן און
מיט טיפן גלויבן אין אים, ניט קוקנדיג אויף אלע זיינע פעלערן,
אויף אלע קליינליכקייטן, וועלכע שלום־עליכם האט קיינמאל ניט
באטראכט אלס ארגאנישע. איך ווייס ניט, אויב פילע פון אייך
האבן זיך אפּגעשטעלט אויף דעם פאַקט, אז אין שלום־עליכם׳ס
ווערק פעלט אינגאנצן דער שלעכטער מענש, „דער שווארצער יונגער
מאנטשיק", פארהאנען קליינע מענשן מיט קליינע השגות, ווייל מען
לעבט פאַרוואָרפן אין כתריאלעווקע, וואס ליגט ערגעץ אָנאזייט, ווייט
פון באַן, ווייל מען לעבט אומנארמאל, ארעם. געוויס עס פעלט אין
כתריאלעווקע קולטור, וואוילהאבנקייט, פשוט ליכט און זון, מען דארף
נאר אביסל עפענען די טירן. אין גרונט גענומען, זיינען אבער אין
כתריאלעווקע קיין בייזע, שלעכטע מענשן ניטא, איר פארלאזט די
כתריאלעווקער טיפן מיט א געפיל פון אומצופרידנקייט, נאך מער מיט

געפיל פון רחמנות, אבער קיינמאל ניט מיט געפיל פון בייזן פארדראס, אדער גאר עקל חלילה. די טיפן פון זיינע סוחרים, איבערהויפט די צענטראלע פיגור מנחם מנדיל, באדארפן נאר ווייזן די סאציאלע אומ־זיכערקייט פון גרויסע קאטעגאריעס יידן, כמעט פון דער גאנצער יודנהייט, וואס הענגט אינדערלופטן. מנחם מנדיל «דער פליהער, דער ברעכער, דער לויפער, דער דרייער, דער נעכטיגער טאג», וואס בייט אזוי אפט זיינע לופט־געשעפטן, איז א טרויעריג בילד, ווי דער דורכ־שניט־ייד אהן געזונטע סאציאלע ווארצלען, מוז זיך קערעווען, ווי אומזיכער, אויף וואס פאר א זאמדיגן באדן זיין מאטעריעלע עקסיס־טענץ איז געבויט, אבער מנחם מנדיל אליין, אלס ייד און מענש, איז אייגנטליך א פרעכטיגער קערל, ער איז א דאָן־קיכאָט פון האנדל און געשעפטן. וואונדערליך איז זיין אפטימיזם, זיין גוואל־דיגע געדולד, ער ליידט איבער אזוי פיל קאטאסטראפעס און ער ווערט דאך ניט פארביטערט, ער ווערט ניט קיין מרה־שחורה׳ניק, קיין פארביסענער מיזאנטראפ, ער איז דער פריילכער שלים־מזל מיט דעם דינעם שטעקעלע, וועלכער טאנצט ארום אויף די סטאנציעס, מיט א שטענדיגן גלאנץ אין די אויגן, און מיט דעם בטחון, פּאָרט פריהער אדער שפעטער כאפן דעם געווינס און ארויפשווימען אויף אויבן. ווי ניט ענליך איז מנחם מנדיל צו אן אנדער שלים־מזל, וועלכן א אנדער באדייטנדער יידישער קינסטלער, שוין מיט עט־ליכע צענדליג יאר שפעטער, האט געשילדערט, איך מיין בינוש רובינשטיין אין בערגעלסאנס בוך «ארום וואקזאל». וואס פאר א מעלאנכאליקער ער איז, ווי שווארץ און פינסטער די וועלט זעהט ביי אים אויס, מנחם מנדיל דאגעגן ערהאָלט זיך אזוי לייכט פון זיינע נידערלאגן. ווארהאפטיג! ביי אונז האט מען ווייניג אכט געגעבן אויף אטדעם הויפטשטריך פון מנחם־מנדילס כאראקטער, אויף זיין אפטימיזם, ער איז א מענש אהן א גאַל, ער איז אויסערסט אקטיוו אין זיין זוכן דעם סוחרישן מזל, באַוואונדערנד איז זיין ענערגיע און רירענד איז זיין נאאיוויטעט. די טענות, וואס מיר

האבן צו מנחם־מנדלען, זיינען טענות פון סאציאלאגישן שטאנד־פונקט: עס איז קיין תכלית ניט אזוי ארומפליהען, אזוי יאגן זיך נאך לופטמילען, עס איז קיין תכלית ניט, ווען אזוינע מנחם מנדל׳ס זיינען דא אסך, אלס מענשן־קינד רופט אבער מנחם מנדל ביי אונז ניט ארויס קיין פראטעסטן. אין גרונט גענומען, קענען מיר צו אים ניט מער האבן, ווי זיין קרעדיטאר און שותף טביה דער מילכיגער. באקאנטליך האט מנחם מנדל, א ווייטער, ווייטער קרוב טביה׳ס, אויך אים פארפירט אין זיינע עסקים, טביה האט אים אויסגעציילט די עטליכע רובל און געווארט אויף מנחם מנדל׳ס גליקן. ווי דער שטייגער איז, האט זיך פון גאלדענע בערג מנחם מנדל׳ס אויסגעלאזט א בוידים, מוסרט אים טביה נאכדעם, ווי ער האט אים קוים אופגעזוכט אין יעהופעץ, און מנחם מנדל הערט אויס און זאגט: «אמת, רב טביה, אמת, גאט זאל מיר אזוי העלפן: איידער אזא לעבן, איידער אזא לעבן ר׳ טביה». «איך שטיי און באטראכט אים ־ דערציילט טביה ־ דעם שלים־מזל, ווי ער שטייט אזוי, דעם קאָפּ אראפּ, צוגעשפארט צום וואנט, דאס היטל אויף א זייט, יעדער זיפץ און יעדער קרעכץ, עס רייסט אויס א שטיק הארץ. «טאַ! זאג איך, אז מען וויל שמועסן דאס אייגענע ווידער צוריק, פארשטייט מען גאנץ גוט, דו ביסט אפשר אין דעם אויך גאט די נשמה שולדיג, ווארום לאמיר בארעכענען די זאַך ארום און ארום מיט א ממה נפשך: איך זאל קלערן, זאג איך, אז דיין שלעכטיגקייט האט דאס געטאן, איז דאך עס נאַריש, ביסט דאך געוועזן, זאג איך, א שותף, גלייך מיט מיר, א מחצה־שכרניק, איך האב אריינגעלייגט געלט, דו האסט געגעבן שכל, אז אָך און ווייה איז מיר, דיין מיין איז אודאי געוועזן, ווי זאגט ער, לחיים ולא למות, און עס האט זיך אויסגעלאזט א בוידים?» מיט איין ווארט דער געשפרעך ענדיגט זיך, ווי ער דארף זיך ענדיגן, ווען מען האט פאר א שותף אזא טייערן גאלדענעם מענש, ווי אונזער אומפארגעסליכער ליבער טביה. טביה פארגעסט זיין פארלארן געלד, ער טרייסט מנחם

מנדעלען און ווייזט אים אויף מיט פסוקים, אז מן הסתם האט עס באדארפט זיין אזוי. ניט אלע שותפים האבן אזוינע גוטע הערצער ווי טביה, נאר סוף כל סוף וועט מען מוזן מודה זיין, אז די אלע מפלות, וואס מנחם מנדיל האט, איז דאס נישט מחמת זיין שלעכטקייט, נאר מחמת דער ביטערער גורל האט אים געהייסן הענגען אינדערלופטן און דרייען זיך. אין מנחם מנדלען, אין אט־דעם נעגאטיוון טיפ פון אונזער סאציאלן לעבן, זיינען אריינגע־לייגט אלע בעסטע מיגליכקייטן: פארפלאנצט אים נאר אויף א געזונטן באדן. שלום עליכם האט אזוי טאקע אויפגעפאסט דאס יידישע לעבן, ער האט געטראגן אין זיך א אומערשיטערליכן גלויבן אין דאס יידישע פאלק און האט געלאכט מילד־טרויעריג, צוזעהענדיג, אין וואס פאר א אומנארמאלע פארמען איז עס איינגע־פרעסט דאס אויסדערוויילטע פאלק ישראל. ער האט אויסגעלאכט די אומשטאנדן. אמת, די אומשטאנדן קענען אמאל ווירקן אויף דעם קערן גופא, עס מוזן געוויסע פארקריפּעלונגען פארקומען, אבער קיין ערנסטע שעדיגונגען זיינען ניט פארגעקומען. שלום־עליכמען איז גאנץ פרעמד יעדער צווייפל, יעדער אולטימאטום, וואס מען שטעלט אוועק דעם יידן. אין זיינע אויגן קומט אויס זעהר גע־וואגט, ווען עמיצער קומט און זאגט, אז יידן האבן נאך אזוי פיל און אזוי פיל צו עקסיסטירן, אויב עס וועלען זיך ניט אומבייטן ראדיקאל די באדינגונגען פון זייער לעבן. אין שלום עליכם׳ס געלעכטער איז קיינמאל ניט צו מערקן א סימן פון האפנונגסלאזיגקייט.

ווי געזאגט, ער האט געגלויבט אין זיין פאלק און ליב געהאט, איבער־הויפט, ליב געהאט. ער האט דאס, אמת, קיינמאל ניט ארויסגעזאגט דירעקט, איז ער דאך געווען אזוי הימלוויט פון געזעלשאפטליכער ארבעט, ער האט אבער באוויזן זיין ליבע. ליבע איז פריהער פאר אלץ אויפמערקזאמקייט, און ווער איז נאך געווען אזוי אויפמערקזאם צום יידישן לעבן, ווי שלום עליכם, ווער האט אזוי מיט א טיפער, קלוגער אויג און מיטן הארצן נאכגעקוקט נאך

יעדער ערשיינונג, יעדער שטרעבונג און שאַטירונג אינם יידישן לעבן, ווי אויך אויף יעדער פסיכאלאגישער ענדערונג, וועלכע די צייט האט ארויסגערופן אין דעם יידן. אט איז ווירקליך א שרייבער, וועלכער איז ניט געוועזן קיין אויסקלייבער, וועלכער האט ניט ליב געהאט אפ־זונדערן זיך און זאגן: דאס פארדינט מיין אויפמערקזאמקייט, און דאָס ניט. אלץ האט געהאט פאר אים א ווערט, אלע קלאסן, פון באנקיר און רייכן תבואה־הענדלער ביז דעם ארימסטן וואַסערטרעגער, ער איז נאכגעגאנגען זיינע העלדן אין זייערע פריידן און ליידן, ער האט באגלייט דעם יידן, דעם קליינשטעטלדיגן יידן אין די קריטישסטע צייטן, ווען מען דארף א זון שטעלן צום פריזיוו, און דעם פארמעג־ליכן, אביסל צעבאלעוועטן יידישן בעל־הבית מיט זיין טראגעדיע, וועלכע איז צוזאמענגעבונדן מיט דער פראגע, ווי שטופט מען דורך דעם יינגל אין גימנאזיע. אויף א יידישן יום־טוב, אויף א יידישער חתונה און חלילה אויף א יידישער לויה, שלום עליכם איז אומעטום געוועזן, און מיט זיין מייסטערפעדער פאראייביגט די בילדער פון יידישן לעבן, נאך וועלכע די קינפטיגע יידישע דורות וועלן קענען באגרייפן, ווי עס האט זיך אין א געוויסן גלות־פעריאד געלעבט דעם יידישן פאלק. ער האט באגלייט דעם יידישן עמי־גראנט פון די קאנטראלסטאנציעס ביז האמבורג און ניו־יארק, דארט אים ניט אוועקגעלאזן און נאכגעפאלגט, ווי ער ארדנט זיך איין אין דער טומלדיגער וועלט־שטאט, ווי ער ווערט פארגרינט און ווי ער בייט אום די זיסע, הארציגע טביה־שפראך אויף דעם ניויארקער העסליכן זשארגאן. קיין איין ארט אין יידישן לעבן האט שלום עליכם ניט געלאזן אומבאארבעט דורך זיינע קינסטלערישע שילדערונגען. דאס אומגעזונטע, אומנארמאלע האט ער גוטמוטיג, איך באַטאן: גוטמוטיג, אבער קיינמאל ניט בייז אויסגעלאכט. דאס קערנדיגע, שיינע, ערהאבענע, דאס, וואס איז עכט און דויער־האפט, האט ער אויסגעמאלט מיט רירנדע פארבן. ווען צווישן אונז יידן האט עס א געוויסע צייט געקאכט און געבראדלט פון

פארטיי־קאמף, גרעסטנטיילס פון געקינסטלטן פארטיי־קאמף אהן ערנסטע אורזאכן, אהן א רעאלן באדן, גרעסטנטיילס א קאמף פון ווערטער, האט שלום עליכם׳ס אויג גלייך באמערקט דאס אומ־געזונטע אין אטדער ערשיינונג און האט עס אויסגעלאכט אין זיין «די ערשטע יידישע רעפובליק». איר געדענקט דאך געוויס, ווי נאך א גרויסן ים־שטורם האבן זיך דרייצעהן מענשן געזעהן ארויס־געווארפן אויף א אומבאקאנטער אינזל, די דרייצעהן מענשן זיינען געוועזן דרייצעהן יידן און האבן געהערט צו דרייצעהן פארשיידענע פארטייען. וועגן דעם, ווי זיי האבן זיך דארט איינגעארדנט, ווי זיי האבן זיך געחקר׳ענט, געקעמפט צווישן זיך, איינגעטיילט זיך אין דרייצעהן באזונדערע רעפובליקן מיט דרייצעהן פרעזידענטן, ביז עס זיינען ניט געקומען די אמתע באוואוינער, די אמתע בעל־הבתים פון אינזל און האבן ניט געגומען געפאנגען אונזערע דרייצעהן פרע־זידענטן. דערפאר אבער האט שלום עליכם ניט פארלייקנט דעם ריינעם, רירנדן אידעאליזם, וועלכער האט געוועקט די יידישע יוגנד אין די ערשטע צייטן פון דער פרייהייטס־באוועגונג אין רוס־לאנד. דער רעוואלוציאנער און קאנספיראטאר פעפעריל מיט דער טרייער האדלען, טביהס טאכטער, וועלכע גייט אים נאך אין סיביר, זיינען באשריבן מיט ווארער ליבע און אָנטיילנאמע.

א גוואלדיגע פליכטגעטריישאפט האט זיך געמערקט אין אטדעם נאכפאלגן יעדער יידישער ערשיינונג, און, אז ער פלעגט זיך פילען אביסל פריי פון אטדער קינסטלערישער טאגארבעט, פלעגט ער זיך אומקערן צו זיין ליבלינגס־העלד, צו די יידישע קינדער, וועלכע האבן אין שלום עליכמען געפונען דעם גרעסטן פאעט זייערן, צו די ליידן פון דעם יידישן יתומל מאטעל פייסי דעם חזנ׳ס, און הויפטזעכליך פלעגט ער זיך דערמאנען אן זיין הויפטהעלד, אן זיין אמתען ליבלינג, אן דעם, וואס איז די קרוין אין שלום עליכם׳ס שאפונג און אויך די קרוין אין דער יידישער ליטעראטור. איך מיין, פארשטייט זיך, טביה דעם מילכיגן. ארעם איז די יידישע ליטערא־

טור, ארעם איז אפילו די צאל פון ביכער, דער ביכערשראנק דארף גאר ניט באזונדערס גרויס זיין, כדי זיי זאלן זיך קענען אויסשטעלן. נאר, ווען מען זאל מיך א פרעג טאן, וועלכעס בוך איז דאס טייערסטע צווישן די אלע ביכער, וועלכעס וואלט איך וועלן האבן שטענדיג מיט זיך אין שווערע, באנגע מינוטן, וואלט איך לאנג ניט געטראכט און געזאגט: דאס בוך פון טביה דעם מילכיגן. און ניט נאר דאס אליין, ווען מען זאל מיר פארלייגן אויסוויילן פון דער רייכער אייראפעישער ליטעראטור צעהן בעסטע ביכער, וואלט איך ניט גע־קענט ביי זיך פועלן, אז צווישן אטדי אויסדערוויילטע צעהן ביכער זאל זיך ניט געפינען שלום עליכם׳ס בוך וועגן טביה דעם מילכיגן. ווארים אלע פאדערונגען, וואס מיר שטעלן א וויכ־טיגן פאעטישן ווערק, איז אטדאס בוך אימשטאנד צו ערפילן: א אמת פאעטיש ווערק. עס רייניגט דאס הארץ אונזערס און הייבט אויף די נשמה, דאס קליינליכע ווערט פארשוואונדן, מיר פילן זיך פארוואנדלט אין א נייעם קיניגרייך, וואו עס הערשן ערהאבענע געפילן, מיר געפינען אין זיך מאדנע, ליבע, ווארימע ווערטער, מיט וועלכע מיר וואלטן זיך געקענט ווענדן צו אנדערע מענשן, אונז דוכט, אז מיר עטעמען א זעלטן ריינע, דופטנדע לופט, און אונז באפאלט א שטילער אומעט, וואס ניט אלע אויף דער וועלט פילן דאס, וואס מיר פילן. און פונקט דיזעלבע ווירקונג האט אויף אונז אטדער אויסערליך איינפאכער דארפמענש טביה מיט זיין ריינער נשמה, ווען ער דערציילט אונז אין זיין אומפארגעסליכער שפראך די רירנדע געשיכטן פון זיין לעבן און דעם גורל פון זיינע זיבן טעכטער. טביה דער מילכיגער, האט זיך דערשלאגן צו א אייגענעם פערד און וואגן און ער פירט פונאנדער צו די בויבעריקער דאטש־ניקעס מילכיגס, יעדן טאג כמעט קומט אים אויס פאָרן אהין און צוריק – איבער שמעקעדיגע סאסנעוועלדער. דאס שטענדיגע בא־טראכטען און פילן פון דער נאטור האט נאר פארשטארקט די גרונט־מעלות זיינע, נעמליך: דאס שטילע אנטציקן, התלהבות, אינערע

רעליגיאזיטעט און א פילאסאפישע באהאנדלונג פון די פלאגן און אומאנגענעמקייטן, וואס פאלן אויף א מענשן בכלל און א יידן בפרט.

האט ליב טביה, נאכדעם ווי ער האט אפגעזועצט זיין ביסל מילכיגס, אויף צוריקוועגס לאזן דאס פערדל לאנגזאם שפאנען איבער דעם גרינעם וואלד און אליין פארטראכטן זיך אין הימל־זאכן: «די זון באקט, די פליגן בייסן, און די וועלט ארום און ארום איז מחיה, גרויס, אפן, כאטש הייב זיך אויף און פליה, כאטש ציה זיך אויס און שווים»! קומט די צייט, סוכות־צייט, ווען די דאטשניקעס פארן זיך שוין פונאנדער, און טביה האט ווייניגער ארבעט מיט זיינע מילך קריגעלעך, דאן האט ער ליב צו זיצן אינדערהיים, ביי זיך אויף דער פריזבע. טביה מאלט עס אזוי אויס, אט די רוהיגע טעג: «פאר מיר איז עס דאס בעסטע שטיקל צייט, די טעג זיינען געשענקטע. די זון באקט שוין ניט ווי א קאַלכאויוון, נאר זי גלעט מיט א מין ווייכקייט, מחיה נפשות, דער וואלד איז אלץ נאך גרין, די סאסנעס הערן ניט אויף צו שמעקן מיט סמאלע, און עס דוכט זיך מיר, אז דער וואלד קוקט יום־טוב׳דיג, ווי גאטס א סוכה, א סוכה פון גאט, אט דא, טראכט איך מיר, האלט גאט סוכות, דא, ניט אין שטאדט, וואו מער טאראראמעט, און מענשן לויפן הין און הער, פינען מיט דער נשמה, יאגן זיך נאכן שטיקל ברויט, און מען האט נאר געלט, געלט און געלט ... און ווער שמועסט אויף דער נאכט, הושענה רבה, למשל, איז דאָך גאר א גן עדן, דעמאלט איז דער הימל בלוי, די שטערן פונקלען, שעמערירן, בייטן זיך, פינטלען, ווי להבדיל א מענש מיט די אויגן, און אמאל מאכט זיך, פליהט דורך א שטערן־פייל אויסן בויגן, לאזט איבער נאך זיך אויף א רגעלע א גרינעם פאס ־ דאס האט זיך אראפגעלאָזן א שטערנדל, געפאלן עמיצנס מזל, ווארים וויפיל שטערן, אזוי פיל מזלות, יידישע מזלות».

טביה איז א שטילער, באגייסטערטער באאבאכטער פון דער נאטור, און זיין גוטע הארץ, וועלכע איז א אמתע פרילינגהארץ, איז זיך שטענדיג גרייט פונאנדערגיסן, ער האט ליב אסך צו

ריידן, און אטדי ניין מאס רייד שטאמען נאר פון גוטסקייט און פאטריארכאלישקייט, זיינע באציהונגען צו מענשן זיינען זעלטן אָפן און ברידערליך, טביה׳ן איז ווירקליך שווער דאס אפיציעלע צוריקהאלטן אביסל, וועלכע מען מוז אנווענדן מיט ווילדפרעמדע מענשן, מיט פארגניגן וואלט ער זיך מיט יעדערן גוטברודעריש צערעדט, געפרעגט יעדערן, ווען ער באגעגנט, וואס ער מאכט, ווי גייט עס אין געזונט, און ווי זיינען זיינע געשעפטן, ער פילט זיך מיט מענשן אויסערסט לייכט און אפנהארציג, צו וואס פאר א קלאס זיי זאלן נישט געהערן, ער פארשטייט עס גארניט, פארוואס בלאָזן זיך מענשן איינע אויף די אנדערע. טביה איז דער גאלדענער מענש, וועלכער פילט א באדערפעניש זאגן יעדערן «דו» אויס גוטפריינדשאפט. נאר פארפאלן, מיט אומבאקאנטע מוז מען זיך צוריקהאלטן. דערפאַר אבער, ווען טביה זוכט אויס ערגעץ א ווייטן, ווייטן קרוב, און די נאהנטקייט איז אויף אזא אופן דאקו־מענטירט, באשטעטיגט, לעגאליזירט אזוי צו זאגן, דאן פלאצן אלע שראנקען, דאן פארשווינדן די גרעניצן און טביה׳ס פריהלינגהארץ צעגיסט זיך אין גרויסע, גרויסע שטראָמען.

«אויב אזוי, טא זאג זשע מיר, מיין טייערער מנחם מנדיל, זאג זשע מיר, מנחם מנדיל סערדצע, וואס מאכסטו?»

טביה׳ן קומט אויס אפט מאכן שלעכטע ערפארונגען: מנחם מנדיל באגראבט זיין ביסל געלט, אנדערע גנבענען זיך אריין אין זיין שטוב, געווינען, וואס איז אזוי לייכט, זיין צוטרוי און מאכן דארט אן חורבונות, ער וויל אנהייבן פראטעסטירן, באלד אבער איבערוועלטיגט זיין גוטע הארץ, זיין פילאסאפישע אויפפאסונג, און מיט זיין כאראק־טעריסטישן «טא! אז מיר זאלן וועלן די זאך ארומנעמען און בא־טראכטן עס מיט א ממה נפשך», און עס ענדיגט זיך מיט דעם, אז טביה גיט נאך, אז דאס, קעגן וואס ער האט זיך געקליבן צו קעמפן, העלפט ער אליין, עס זאל פארווירקליכט ווערן. אזוי ווערט ביי אים דער יידישער רעוואלוציאנער פעפעריל א בן בית, נעמט צו ביי אים זיין

טאכטער, די שיינע האדל, און טביה שפאנט אליין איין דעם וואגן, פירט ערגעץ אוועק דעם איידים זיינעם פעפעריל צו דער סטאנציע, פונוואנען פעפעריל פארט ערגעץ אוועק ווייט, ווייט, דערנאך שפאנט ער ווידער איין זיין וועגל און פירט אוועק צו דערזעלבער סטאנציע שוין האדלען, די ליבע טאכטער זיינע, וועלכע פארט צו פעפעריל ערגעץ ווייט, ווייט, און אך! ווי עס ווייטאגט דאס הארץ טביה׳ס, און ווי ער דערמאנט זיך, פארנדיג, וואָס פאר א טייער קינד אט די האדל איז.

די טרויעריגע געשיכטן, וואס טביה דערציילט וועגן זיינע זיבן טעכטער, דאס זיינען וויכטיגע דראמאטישע מאמענטן פון יידישן פאמיליען־לעבן, וואס האט אומגעביטן זיינע אלטע טראדיציאנעלע פארמען. עס פליהען זיך פונאנדער מי יודע וואוהין יידישע טעכ־טער... טביה זעהט, אז עס גייט עפעס א נייע וועלט אויף אים, פיל פארשטייט ער פון דעם ניט, פיל פארשאפט אים וואונדן, נאר ער גיט נאך. «אַכטי, רבונו של עולם, אלהינו נאש» טענהט זיך אויס טביה און גיט פארט נאך. פארוואס ער גיט נאך, איז שוין אויבן באמערקט געווארן: דאס הארץ לאזט ניט קעמפן.

פונקט ווי נאך שלום עליכם׳ס ווערק בכלל וועט מען אין דער צוקונפט שטודירן דאס יידישע לעבן אין א געוויסן פעריאד פון גלות, אזוי וועט מען אין דעם בוך פון טביה דעם מילכיגן זעהען די עוואלוציע פון דער יידישער פאמיליע מיט אלע אירע דרא־מאטישע און טראגישע עפיזאדן ־ פון דער פאטריארכאלישער צייט, אין וועלכער שלום עליכם האט געשריבן זיין וואונדערבארן ראמאן «סטעמפעניו» ־ ביי אונז האט מען אטדעם ראמאן נאך ניט גע־העריג אפגעשאַצט ־ א ראמאן פון רחלעס ליבע צו דעם צויבער־האפטן פידלשפילער סטעמפעניו, א טרויעריגע ליבע, ווארום רחלע איז א פרום יידיש ווייבל און די זינדיגע מחשבות וועגן אים, סטעמפעניון, אין א פארטראכטער, זומערדיגער לבנה־נאכט פארטרייבט זי מיט א תפלה, מיט קריאת שמע, לישועתך קויתי ד״

קויתי ד״ לישועתך״. פון אטדער צייט ווען רחלע האט געקעמפט מיט זיך און שטילערהייט, אז קיינער זאל ניט הערן, געזונגען «אויפ׳ן בארג שטייט א טויב און טוט זיך טרויעריג ברומען ערגעץ האב איך א גוטן פריינד און קען צו אים ניט קומען», יא! פון אטדער פרומער, שטילער צייט, ווען יידישע מיידעלעך זיינען ארומגעגאנגען מיט פארשלאסענע הערצער, און קיינער האט ניט גע־וואוסט, ניט געוואלט וויסן, וואס דארט אין הארצן קומט פאר, ווי עס ציטערט און פלאטערט, ווי עס איז צעבראכן, פון אטדער צייט איז פארביי כמעט א פעריאד פון דרייסיג יאר. די יידישע רחלעך זיינען ביי זיך געווארן דרייסטער, זיי האבן דערזעהען א גרויסע וועלט פאר זיך. פאר די דרייסיג יאר איז די יידישע פרוי א אנ־דערע געווארן, זי איז שוין אויסגעוועזן אין אמעריקע, אין פאלעס־טינע, אין סיביר, געלערנט זיך אויף קורסן, און, ווען זי וויל ניט באהאלטן דעם סוד פון הארצן, באהאלט זי ניט, ווען אפילו דער סוד זאל געהערן אזא פארשוין ווי חוועדע גאלאגאן ... אבער ביי חוועדקע גאלאגאן האט שוין טביה נישט נאכגעגעבן. א! דא איז ער געוועזן א קעמפער, דא איז ער געוועזן שטארק ווי אייזן. ווארום עס האט זיך געהאנדלט אום די הויפטזאך, און די הויפטזאך קען טביה, דער גרויסער, טיפער ייד פארטיידיגן. חוה׳ן האט דער אזוי געטרייער, איבערגעבענער טאטע טביה אפגעשטויסן פון זיך. געוויס, לייכט איז עס אים ניט געוועזן, זעהר און זעהר שווער. און אויף וויפיל שווער, דערציילט אונז טביה, און דאס ערשיטערנדע בילד, ווען די משומדת חוה, די געראטנסטע טאכטער זיינע, יאגט נאך דעם וואגן, און ער, דער טאטע, שמייסט דאס פערד און קערט זיך ניט אום און מאכט זיך ניט הערנדיג, כאטש זיין הארץ, טביה׳ס הארץ, גייט אויס מיט בלוט — אטדי סצענע איז איינע פון די גרעסטע אין אונזער ליטעראטור.

---

# פרץ·

## (זכרונות·)

מיין ערשטע פערזענליכע באקאנטשאפט מיט פרצן איז אויס־
געפאלן אויף דעם מאמענט· ווען איבער דער יידישער ליטעראטור
האט דורכגעווייט א פרילינגס־ווינטל· איך וויל ניט זיין אזוי אומ־
פארזיכטיג און אנרופן יענע צייט «רענעסאנס»· ווי מיר· אין א־
ביסל א לייכטזיניגן ענטוזיאזם האבן עס דאן געטאָן· קיין «רענעסאנס»
איז עס ניט געווען· נאר· ווי געזאגט· א פרילינגס־ווינטל· יונגע
הערצער זיינען געווען אנגעלאדן מיט לידער· מיט פיינע שטרעבונ־
גען· ביי דער יוגנד האט מען געקענט מערקן א ווירקליכן אינטערעס
צו דער יידישער ליטעראטור און א ליטעראַרישער פּאָרטרעט האט
אלעמאל צוגעצויגן צו זיך א גרויסן עולם· די טעגליכע יידישע
פרעסע אין ווארשע האט נאך ניט איינגענומען אין זיך אלע· וואס
קענען שרייבן· עס זיינען נאך געווען גענוג יונגע ליטעראטן
מיט אסך פרייער צייט פאר ארומשפאצירן איבער דעם זעקסישן
גארטן און לייענען איינער פאר דעם אנדערן די אקארשט פארענדיגטע
דראמאטישע סצענעס· לידער און פראזע· און מיט אסך פרייער צייט·
אום גיין צו פרצן· צו פרצן איז מען אלעמאל געגאנגען· געגאנגען
שלום אש· דאמאלס נאך א שעמעוודיגער יידישער בחור פון קוטנע
און מיט ציטערדיגע הענט געטראגן די ערשטע בלעטלעך פון דער
פיינסטער פאעמא זיינער «א שטעטל»· געגאנגען נאמבערג· דער
בלאנדער יידישער בעל־הביתל· וועלכער איז אקארשט געווארן
א אפיקורס· און דער סטאָליאר ווייסענבערג און רייזען· איבער די
טרעפ פון פרצעס באשיידענער וואוינונג אויף צעגליאַנאַ גאַס האט
געוואנדערט די גאנצע יידישע ליטעראטור פאר די לעצטע פינף און

צוואנציג יאר. אזוי איז שוין געוועזן דער מנהג און גלייכצייטיג א אינגערליכע באדערפעניש, דען עס איז דאך געוועזן דער איינציגער ליטעראַרישער סאַלאָן, וואו אלע פלענער, פאנטאזיעס האבן שטענדיג געפונען א לעבעדיגן אפקלאנג אין דעם שטענדיג יונגען און פאטעטישן פרץ. עס איז קיין וואונדער ניט דעריבער, ווען, קומענדיג אין איינעם א הארבסט־פארנאכט צום ערשטן מאל צו פרצן, האב איך דארט דערווישט אַ פולע שטוב מיט יונגע מענשן, און דער בעל־הבית אליין, אין אַ סאמעטענער קורטקע, איז געזעסן אויף א ווייכער סאָפע אין דעם וואלקן פון אומגעזונטן טאבאק־רויך און האט אויפגעוויזן איינעם א פּאעמע־שרייבער, ווי ניט ריכטיג זיינע בילדער זיינען, און ווי ער וויל פארמאסקירן מיט שיינע ווערטער די ארימקייט פון ווירקליכע איבערלעבונגען. דער פאעמע־שרייבער אין א לאנגער קאפאטע מיט דעם קאסקעטל אויפן קאפ שטייט בלאס ווי די וואנט. באלד אבער ווענדט פרץ זיינע גוטע שיינע אויגן אויף דעם יונגן מאן און מונטערט אים אויף. «איר האט טאלענט – זאגט ער צו אים – נאר איר זיינט א ליגנער, איר פארשטייט, וואס איך מיין? איר באשרייבט דאס, וואס איר האט ניט אריבערגעלעבט». דאס ווארט «ליגנער» מאכט ניט אויף דעם יונגן מאן קיין שום איינדרוק פון באליידיגונג, חלילה, פארקערט, גיכער איז עס א פאטענט אויף א געוויסער קינסטלערישער געשיקטקייט, און, אזויווי מען האט אים נאך פארזיכערט, אז ער האט טאלענט, גייט ער אוועק צופרידן. פרץ טרעט צו דער גרופע קינסטלער, פאעטן, וואס זיצן אין דעם צווייטן ווינקל פון צימער און טרינקען שווארצע קאווע. עס ווערט גערעדט וועגן א פלאן ארויסצוגעבן פעריאדישע זאמלביכער און בכלל וועגן אסך, אסך ליטעראַרישע פלענער, איינער גלענצנדער פון דעם אנדערן, און דער קלוגער, סקעפטישער פרץ איז פונדעסטוועגן דער הייסעסטער אנהענגער פון אטדי האלב און גאנץ פאנטאסטישע פלענער. ניט קוקנדיג אויף דעם, וואס די אלע פלענער וועגן גרינדן נייע זשורנאלן, ארויסגעבן ביכער, שאפן א אמת קינסטלערישן יידישן טעאטער (אלס

מוסטער: דער מאסקווער קינסטלערישער טעאטער...!) ווערן אויסגעארבעט מיט איינצעלהייטן, ליסטן ווערן אויפגעשטעלט, ראלן פארטיילט, פיל איך, פילן אלע, אז עס וועט נאר ביי דעם פלאנעווען בלייבן, און ווארשיינליך קיינמאל ניט ווערן ווירקליכ־קייט, און, ווייל עס איז אזוי, וועט מען ביים אריבערגיין צו א אנדער טעמע גלייך אן אלץ, וואס מען האט אקארשט מיט היץ און ברען ארומגערעדט... פארגעסן. דער ערשטער וועט פארגעסן פרץ אליין. אייפאך, עס איז נאר אנגעגעם געווען וועגן די שיינע זאכן צו ריידן, לכל הפחות אביסל ריידן וועגן דעם זאל מען. אט דאס ריידן איז דאך געווען דער אויסדרוק פון די גייסטיגע און קולטורעלע פאדערונגען, וועלכע פרץ האט געשטעלט דער ארימער יידישער ווירקליכקייט, דער אויסדרוק פון דעם גייסטיגען הונגער. אינערליך איז פרץ געווען זעהר רייך, זיינע פילע בענדער באווייזן עס. ווירקליך, עס האט אים גאר ניט געפעלט, געהאט געגוג אנגעשפארט גייסטיגע אוצרות, פונוואנען ער האט געקאנט שעפן און האט אויך געשעפט. ער האט געהערט צו די ווייניגע, צו די געבענטשטע, וואס, זיצנדיג ביי זיך אין צימער, קענען זיי ארויס־רופן דורך דעם פאעטישן כוח די הערליכסטע געשטאלטן. אין דעם זין האט ער זיך אפשר ניט גענויטיגט אין געזעלשאפט, ווייל ער האט זי אליין געשאפן. פרץ האט אבער געוואלט א שיינעם אויסער־ליכן יידישן לעבן. ער, דער טיפער יידישער אינטעליגענט, מיט טיפע וואָרצלען אין דער יידישער פארגאנגענהייט, האט ניט גע־קאנט ניט פילן מיט ווייטאג דאס ארימע יידישע קולטור־לעבן. ער, מיט דעם פיינעם געשמאק, האט זיך געמוזט באנוגענען מיט א ווארשעווער יידישן טעאטער, וואס שטייט אויף יענער זייט גרעניץ פון קונסט, ער, וועלכער וואלט געקאנט באשיינען דעם גייסט־רייכסטן סאַלאָן און זיין דער רייצנדסטער אנפירער פון אינטערע־סאנטסטע שמועסן, איז געווען ארומגערינגלט מיט יונגע, גרינע ליטעראטן, וועלכע האבן סימפאטיש ביז גאר אויסגעזעהען ביים

שווייגן, אבער וועלכע האבן ביים ריידן אויפגעוועקט דאס געפיל פון גייסטיגן דלות. וואוילע, גוטע יונגע לייט, אבער דלות. א גרויסער רחמנות... פרץ האט שטענדיג אליין גערעדט, און ווייניג זיינען געווען די, וואס וואלטן אים קענען אינטערעסאנט ענטפערן. ער איז געווען אין דער לאגע פון געבנדן, אבער ניט נעמענדן. אין דער וועלט פון מאטעריעלע עשירות איז אזא לאגע זעהר א בכבודיגע, א אנגענעמע. עס איז אנגענעם, עס איז ביז גאר שיין זיין דער גרויסער נדבן. אבער אין דער וועלט פון גייסט מוז עס אנדערש זיין, עס מוז נעמליך זיין דער שטענדיגער אויסבייט פון עשירות, דער שטענדיגער נותן ומקבל. ווען ניט, איז מען פארמשפט צו זיין איינזאם. און פרץ איז ווירקליך געווען איינזאם, ניט קוקנ־דיג אויף דעם, וואס ער האט זיך אזוי פיל געטומלט צווישן מענשן. ער איז געווען איינזאם, ווייל ניט געהאט קיין גלייכן צו זיך, ווייל מיט אסך קעפ העכער געווען.

ניט האבנדיג די נויטיגע קולטורעלע סביבה, ניט האבנדיג די אמתע געזעלשאפט, האט פרץ זיך געטומלט מיט דער רויהער, גרינער ליטעראטור־יוגנד, ער האט זי געזאמלט ארום זיך, און יארן לאנגע פארבראכט מיט איר. קומענדיג פון זיין ארבעט אין דער גמינע, פלעגט ער אנטאן דעם פרייען סאמעטענעם רעקל און געאיילט אין דעם צימער, וואו עס האבן שוין אויף אים געווארט: אנפאנגנדע פאעטן מיט לאנגע האר, ברייטע קראוואטן, א פוילישער בחור, וועלכן דער טאטע האט ארויסגעטריבן פון שטוב פאר די העזה צו וועלן ווערן א «שרייבערל», א הונגערנדיגער יידישער סקולפטאָר. פרץ פרייט זיך און פארזיכערט: נייע טאלענטן. (באזונדערס דער סקולפטאר). פרץ האט אויסגעקליבן די געזעלשאפט פון אטדי יונגע, ווארום ווייניגסטנס דא ווערט דער דלות אין גייסט קאמפענ־סירט דורך די עשירות פון ריינע געפילן און ענטוזיאזם. אין די יונגע קינסטלער־גרופעס האט ער געווארפן הויפנס גלענצנדע אפאר־ריזמען, פאראדאקסן און געזוכט צווישן זיי נייע טאלענטן. שטענדיג

געזוכט· דאס איז געווען איינע פון זיינע שוואכקייטן, אבער ביז גאר סימפאטישע· וויפיל יונגע קעפ האט פרץ געבענטשט און אנ־געוויזן אויף זיי, ווי אויף די צוקונפטיגע שטערנס אין דער ליטע־ראטור, ווי אויף אידעלע פרינצן נאר · · · פרינצן זיינען דא אסך, וואו איז אבער דער מלך? ניטא· און פון די שטערנס, וואס דארפן באלייכטן נייע וועגן, האט זיך אויסגעלאָזט ־ ווי עס פאסירט גע־וואוינליך אין לעבן ־ א קליינינקער פייערל ־ און אויך באלד אויס־געלאשן ־ אין א צייטונגסרעדאקציע ערגעץ· ער האט א טעות געהאט· ניט איין מאל געמוזט אוועקנעמען די הסכמות צוריק און דאך ווייטער געזוכט· שטענדיג געזוכט· און די טעותן האבן אויך געשטאמט ניט, ווייל אים האט געפעלט דער קריטישער חוש צום אפשאצן, ניט ווייל מען האט אים געקענט אפנאַרן, נאר ווייל עס האט זיך אים אזוי שטארק געוואלט זעהען די קליינע פאמיליע פון דער ארימער יידישער ליטעראטור אביסל רייכער מיט עפעס א נייעם, א פרישן, מיט איינעם, וועלכער וואלט אויך עפעס געקענט געבן, ניט נאר נעמען· ווי שטארק האט ער זיך געווינשט האבן אמאל די מעגליכקייט צו זאגן: «היינט איז ביי מיר געווען א אומ־געוואוינליך אינטערעסאנטער מענש· פון די נייע· איך האב אים געהערט מיט גרו״ס, גרויס הנאה און אלץ געוואלט נאך מער הערן» דארט, וואו עס איז נאר געווען צו מערקן דער קלענסטער סימן פון אזא מין אינטערעסאנט־זיין, האט זיך פרץ צוגעבונדן בלב ונפש· ער האט ליב געהאט ווייטערן שוין אליין פאר דעם, וואס ווייטער האט אזוי געקענט פיין אָנווינקען, פיין אנרירן העכערע, ערהאבענערע וועלטן, שוין פאר דעם שמעקן מיט פארנצָמער קולטור, שוין פאר די מאנירן פון פארפיינערטן גייסט· הונגעריג איז געווען פרץ אין דעם זין, און, דעם אמת געזאגט, לאנגווייליג זיין לעבן· עס איז קיינמאל ניט איבעריג צו ריידן וועגן דעם, און איך געדענק זעהר גוט, אז ניט נאר שפעטער, ווען איך האב זיך מיט אים נעהנטער באקענט, נאר אפילו נאך דעם ערשטן פארבראכטן אוונט, איז ביי

מיר געבליבן דער איינדרוק פון דער טיפער סתירה צווישן פרצן, דער גלענצנדער, רייכער פערזענליכקייט, און דער ארימער סביבה.

ער האט פארמאגט א שיינעם אויסערליכן אויסזעהען, זיין פנים איז ניט געווען גייסטרייך אין דעם זין, ווי מיר זיינען געוואוינט אנ־צייכנען די גייסטרייכע גלות־פנימער, אויף וועלכע עס זיינען אפגעשטעמפלט די ליידן פון די אבות און איידעלע, אומעטיגע מחשבות. ניין, דעם איינדרוק פון פרצס געזיכט קען מען ניט בעסער איבערגעבן, ווי מיט דעם רוסישען ווארט «בארין». א אפענע ברייט־קייט, א שטאלצקייט פון א מאגנאט עפעס. פרצן וואלט אזוי געפאסט אויפצונעמען געסט אין א הערן־הויז, וואס שטייט אינמיטן פון א הערליכן, ברייטן פארק, און דארט, נאך א שארפזיניגן שמועס וועגן פילאסאפיע, קונסט, אריבערגיין פון איין גרופע דאמען צו דער צווייטער און אימפראוויזירן קאמפלימענטן. און איצט די ווירקליכ־קייט! ווי ארים איז זי, ווי אהן פארבן, ווי איינטעניג! אין דער ווירקליכקייט וואוינט פרץ 38 יאר אויף דערזעלבער קליינער וואוינונג אויף צעגליאנע גאס, און די בעסטע צייט, פון צען פריה ביז דריי נאכהאלבנטאג, גיט ער אפ, אלס באאמטער, דער גמינע. ער האט געהערט צו דעם טיפ שרייבער, וואס זיינען אין זייערע שמועסן ניט ווייניגער אינטערעסאנט, ווי אין זייערע שריפטן. פון פרצס אימפראוויזאציעס – ווען ער וואלט געהאט א געטרייען תלמיד, וואס זאל נאכגיין דעם רבין און אלץ פארשרייבן, וואס ער זאגט – וואלט מען געקאנט צונויפשטעלן גאנצע בענדער. ער איז געווען א אמתער פארשווענדער פון ריינע געדאנקען, ער האט געשפילט מיט בליצארטיגע פאראדאקסן, מיט פארביגער קונסט־מאזאאיק, און עס איז געווען אפט ביטער צוצוזעהען, ווי עס פעלט אים די אודיטאריע, ווי עס פעלן אים די אמתע חברים, וועלכע זאלן זיך קענען מיט אים מעסטן: דאן וואלטן מיר געווען עדות פון א זעלטענעם טורניר. זיין לעבן האט געדארפט דורכגיין אין א גרויסן אייראפעאישן צענטר אין דער אנרעגנדער סביבה פון שרייבער,

קינסטלער און סתם חכמים· אזא לעבן וואלט נאך פארשטארקט זיין שאפונגסקראפט· דען ניט נאר א טאלענט· אפילו א גאון· נויטיגט זיך אין דער גייסטיגער אטמאספערע· וואס זאל אים אנשטויסן אויף נייע פלענער און אידעען· די אייראפעאישע ליטעראטור וואלט גע־ווען ארימער מיט אסך גרויסע ווערק· ווען געטע וואלט זיך ניט באפריינדט מיט שילערן· ווען זיי וואלטן ניט געלעבטביידע אין ווײמאר· די אנרעגונג צו ווילהעלם טעל האט שילערן· ווי באקאנט· געגעבן געטע· דערציילנדיג אים וועגן דער שווייץ· איך באטראכט דאס ווירקליך· אלס א קולטור־טראגעדיע· וואס פרצן· דעם קינסט־לער· דעם דענקער· האט אינגאנצן געפעלט די אטמאספערע· אין וועלכער יעדער באדייטנדער גייסט נויטיגט זיך· ער איז געוועזן אנגעוויזן נאר אליין אויף זיך· אויף די אוצרות פון אלטער יידישער פארגאנגענהייט· וואס איז געלעגן פארבארגן אין זיין נשמה· אמת פרצן איז באשערט געוועזן דאס גליק צו האבן א מיט לייב און זייל איבערגעגעבענעם פריינד· די רירנדע פריינדשאפט צווישן פרצן און דינעזאנען איז א אינטערעסאנטער קאפיטל פאר זיך· אבער אין גייסטיגן זין זיינען די ביידע פריינד צו פארשיידענע כוחות· די־נעזאן ליבט פרצן מער· ווי א ברודער· מיט א זעלטענער צערטליכ־קייט זארגט ער פאר אים· פירט זיין גאנצע געשעפטס־קארעס־פאדענץ· מאכט אים פאפיראסן· געוויס מאכט ער אויך נאטיצן וועגן זיין גרויסן פריינד· אבער דעם ליבן· הארציגן דינעזאנען פעלן דאך די פליגלען· אום ער זאל קענען נאכיאגן פרצן· זיי בינדן צונויף שיינע זכרונות· נאר ניט אלעמאל האבן זיי וועגן וואס צו ריידן; ניט וועגן אלץ· וואס איז נוגע די פריידן און ליידן פון א קינסטלער· קען פרץ ריידן מיט זיין אינטימען פריינד: די פריידן· ווען עס גיט זיך איין אויספירן אין בילדער דעם געדאנק· און די ליידן· ווען די אינערליכע איבערלעבונגען געפינען פאר זיך ניט דעם געהעריגן אויסדרוק און בלייבן ניט פארקערפערט· דינעזאן איז דער שטענדיגער באוואונדערער פרצס· זעהר פיל מסתמא און

זעהר אינטערעסאנט וועט ער אונז נאך וועגן אים דערציילן· אבער אויף די הויכקייטן· אויף וועלכע עס האבן פרצן געטריבן זיינע מחשבות· קען דינעזאן נאך אים ניט נאכגיין· אויף די הויכקייטן איז פרץ געשטאנען אליין· איינזאם · · ·

דאסזעלבע מיט דער יוגנד· וואס האט אים ארומגערינגלט· זי האט אים ליב געהאט· באוואונדערט· אבער ניט אלעמאל פארשטאנען· פרצן איז אבער די יוגנד געוועזן טייער ניט נאר פאר די האפענונגען· נאר פאר דער ווארימקייט און געפילן· סוף כל סוף איז עס געוועזן די איינציגע געזעלשאפט זיינע· און שפעטער מיט עטליכע יאר· לאנג נאך דעם פרילינגס־ווינטל· נאכדעם ווי די ווייטע פאנטאזיעס האבן זיך אומגעביטן אויף א באנאלער ניכטערקייט· ווען אלעמען האט מיטאמאל באהערשט דער קלוגער געדאנק· אז א רעפארטער אין א צייטונג איז מער תכלית· איידער צו שרייבן פאעמעס ביי דעם שיין פון דער לבנה· שפעטער איז אטדי איינציגע געזעלשאפט פרצס אויך צערונען· אין דעם ווינטער פון יאר 1913· ווען איך האב געהאט די זעהר אַנגענעמע מעגליכקייט זיך זעהר אפט צו טרעפן מיט פרצן· אין אטדעם ווינטער פון לאנגע· לאנגע שמועסן ערגעץ אין א קאפע־ווינקל· אויף א שפאצירגאנג איבער דער יערוסאלימסקער אלעֶע· אדער נאך בעסער ביי אים אינדערהיים· איז מיר ניט איין מאל אויסגעקומען הערן אים זיך קלאגנדיג ־ אין א ביסל אומעטיגן· א ביסל פארדראָסיגן טאָן ־ וועגן דעם· אז אטדי יונגע· יאָ· די יונגע האבן אויפגעהערט גיין צו אים· ניט ווי אמאל· ער האט זיך פארגעסן בעת מעשה· אז מען גייט ניט צו אים ניט דערפאר· ווייל עס איז דא א אנדערער· וואס האט געפאנגען גענומען הערצער און נשמות· ניין· עס איז בכלל אפגעשטארבן דעם וואונש ערגעץ וואוהין צו גיין און צו ריידן· פארריידן זיך ביז העט שפעט איבער שיינע ליטעראטור־פלענער· וועגן ביכער· קונסט און פאעזיע· בכלל ניטא מער קיין יונגע· אלע זיינען עפעס מיטאמאל אלט געווארן· איינגעבויגן· ניכטער· קאלט און· באגעגענענדיג זיך· פרעגט מען שוין ניט:

וואס שרייבסטו און וואס מאכסטו, נאר: צו האסטו פרנסה? דער אידעאל איז געווארן א שטעלע אין דער רעדאקציע. אין דעם גערוי־מען, קאמפארטאבעלן ארבעטסצימער, שוין אויף דער נייער פרצס וואוינונג, האט ניט געווימלט מער פון פארטראגענע יונגע קעפ, ניט געוועזן מער דער געדיכטער רויכוואלקן. מיזאנטראפיזם, ברוגזדיג זיך אליין איינשליסן איז, ווי עס ווייזט אויס, אינגאנצן פרעמד געוועזן פרצס וועזן, איינזאמקייט האט ער געקאנט שווער פארטראגן. וואס אמת איז אמת, ער האט אביסל ליב געהאט לעבן אין טומל, און, ווען מען איז צו אים ווייניגער געגאנגען, האט ער אליין אויפגעזוכט די ענגערע און ברייטערע שיכטן, מיט וועלכע מען קען קומען אין גייסטיגע שייכות. שוין א אלטער מאן פון 63 יאר, נעמט פרץ אויף זיך די שווערע, אומדאנקבארע ארבעט ווידער אויפלעבן דעם פארשטארבענעם «הזמיר». ער לאזט זיך אויסקלייבן צום פארזיצנדן. דורך א גאנצער רייה ביז גאר אינטערעסאנטע, גלענ־צנדע פארטראגן איבער פארשיידענע טעמעס, ציהט ער צו דעם שוין כמעט איינגעשלאפענעם ווארשעווער עולם, און «הזמיר» אנטוויקלט אין דעם ווינטער פון 1913 א ענערגישע ארבעט, ווי נאך קיינמאל ניט, און איז אייגענטליך דער איינציג ליכטיגער פּינטל אין דער ליארעמ־דיגער יידישער ווארשעֶ. פרץ רוהט אבער אלץ ניט. אים דוכט זיך, אז אחוץ אטדי מאסן־פארזאמלונגען וואלט נויטיג געוועזן כאטש איין מאל אין וואך אדער אין צוויי וואכן צונויפקומען זיך ביי א גלאז טיי, טאקע אין דעמזעלביגן «הזמיר»; דאס זאלן שוין זיין אינטימע אווענטן, אלע ווארשעווער זשורנאליסטן, קינסטלער דארפן זיך יעדן מאנטאג טרעפן אין «הזמיר», און אויף עטליכע שעה לכל הפחות אראפווארפן פון זיך דעם חול, זאל יעדערער אויף דער בינע זאגן, זינגען, שפילן, ווי און וואס ער קען, און אלץ זאל טראגן א אומגע־צוואונגענעם כאראקטער. סתם געמיטליך. חברים שרייבער און קינסטלער צווישן זיך און אין בעסטער שטימונג. מיר איז אויסגע־קומען זיין אויף די אוועגטן. דעם אמת געזאגט: לאנגווייליג גע־

ווען, אלעמען, דוכט זיך, איז געווען לאנגווייליג. פון ניט געוואוינט־קייט אפשר. אפשר דערפאר, ווייל מען האט זיך געוואלט מאכן לוסטיג, געוואלט זיין אינטים, און עס איז ניט געגאנגען. אדער אפשר — כדי ניט זוכן אומזיסט ווייטע סיבות — ווייל עס איז פשוט גע־ווען לאנגווייליג, אבער פרץ האט זיך געסטארעט, געמונטערט דעם עולם, פונקט ווי געזאגט: אנו, קינדער, לעבעדיגער, אביסל לעבע־דיגער, אינטימער! און ווען אים פלעגט זיך דוכטן, אז דאס האט זיך אים ווי עס איז אין א געוויסער מאס איינגעגעבן, איז ער ארומגעגאנגען איבער דעם ברייטן זאל מיט פארלייגטע הענט, און אין די גרויסע, קלוגע אויגן איז קענטיג געווען פרייד...

ריידנדיג וועגן «הזמיר», מוז איך זיך אפשטעלן אויף די באצי־הונגען צווישען פרצן און די ברייטע פאלקסמאסן. איך ווייס ניט קיין רירנדערע באציהונגען. פרץ איז ניט א פאלקסשרייבער: א נאציאנאלער דיכטער איז ער פון ערשטן גראד, א דענקער, אין זיין שאפן מערקט איר דעם איבערגעוויכט פון אינטעלעקט. פרץ איז געווען א ראפינירטער אינטעליגענט, דאס פאלק האט פרצן ווייניג פארשטאנען. כדי אריינדרינגען ניט נאר אין זיינע טיפע געדאנקען, נאר אפילו אין דעם סטיל, באדארף מען פארמאגן אסך קינסטלערישן געשמאק, און דאך האט אים דאס פאלק ליב געהאט מיט א הייסער ליבע. דאס איז די אמתע ליבע, וואס פאדערט גאר ניט. מען דאנקט נאר גאט, וואס ער איז דא. מען האט ליב געהאט פרצן, ניט פארשטייענדיג אים. עס איז גענוג צו וויסן און פרייען זיך, וואס ער איז פארהאנען אטדער טיפער, קלוגער פרץ מיט דעם שיינעם, איידעלן קאפ. וואס פארשטייט א פראסטער ייד אין א דימענט? אבער רימען וועט ער זיך מיט אים, ווייל ער ווייס, אז דאס איז אסך ווערט... און דאס איז גענוג. און אזא דימענט איז געווען פרץ. ווען עס פלעגט באקאנט ווערן וועגן זיינעם א פארטראג, האט מען געקענט אפריהער זיכער זיין, אז, ווי גרויס דער זאל זאל ניט זיין, וועט ער דאך זיין אנגעפאקט, און אסך מענשן וועלן נאך מוזן גיין

צוריק· פּרץ איז געווען אַ זעהר אינטערעסאַנטער רעדנער, מיט אַסך טעמפּעראַמענט, ביז גאָר אַ אייגנאַרטיגער רעדנער· ער האָט גערעדט, ווי ער האָט געשריבן· מען האָט באַדאַרפט זיין אָנגע־שטרענגט, כדי ניט פאַרלירן זיך אין דעם לאַבירינט פון געדאַנקען, פּאַראַדאָקסן, מען האָט זיך אָבער אָנגעשטרענגט, און דער טויזנטקעפּי־גער עולם איז געווען פאַרשקלאַפט, ווען פּרץ האָט גערעדט· אַ פריי־וויליגע פאַרשקלאַפונג· פּרץ האָט דאָך פאַרכישופט דעם עולם ניט מיט דעמאַגאָגישע מיטלען, ער האָט דאָך קיין זאַך ניט צוגעזאָגט, קיינמאָל ניט געשפּילט אויף אומאיידעלע אינסטינקטן· פאַרקערט, זעהר און זעהר אָפט פלעגט ער אַרויסטרעטן אין דער ראָלע פון אַ בעל־מוסר, און מען דאַרף מודה זיין, ער איז געווען שאַרף, צו שאַרף אין זיינע רייד, אָבער מען פלעגט עס אויפנעמען מיט ליבע; אַז פּרץ זאָגט, מעג מען שוין דאָס אָננעמען און פאַרטראָגן· עס איז ווירקליך אַ טעמע פאַר אַ פּסיכאָלאָגישער שטודיע וועגן די באַציהונגען צווישן פּרצן, און דער ברייטער פאָלקסמאַסע· די גוואַלדיגע באַליבטקייט פון שלום־עליכם איז פאַרשטענדליך· שלום־עליכם האָט מיט זיין געניאַלן הומאָר ווירקליך געהיילט די וואונדן, געווישט די טרערן פון די מיליאָנען גלות־יידן· עס איז ניטאָ קיין איין יידישע פאַמיליע, וואָס זאָל ניט האָבן צו דאַנקען שלום־עליכם׳ן פאַר די שעהען פון לוסטיגן, פאָלקסטימליכן פאַרגניגן, וואָס ער האָט פאַרשפּרייט לאַכן אין די יידישע הייזער, מען וועט אַזדי טובה קיינמאָל דעם גרעסטן יידישן דיכטער ניט פאַרגעסן· אַזאַ נאָאַהנטער איז ער, און נאָאַהנט זיינען זיינע העלדן· טביה דער מילכיגער און מנחם־מנדיל זיינען יידן, וועלכע יעדערער קען· דערפאַר אָבער זיינען פּרצס העלדן העלדן־סימוואָלן, מיט אַסך סודות אין די נשמות· פּילייכט לעבט אָבער אין דער מאַסע די פעהיגקייט באַוואונדערן דאָס גרויסע, ווען עס איז אַפילו ניט זוניג־העל, נאָר פאַרטונקלט, פאַרוויקלט· · ·

באַזונדערס איז ער געווען באַליבט אין וואַרשע, ער איז קיינ־מאָל ניט דורכגעגאַנגען די גאַס, ניט אָנשטויסנדיג זיך אויף אַ

שווייגנדער ליבעס־דעמאנסטראציע. דער פאפולערסטער מענש אין ווארשע איז געווים געוועזן פרץ און האט געהערט צו איינער פון אירע זעלטנקייטן. אמאל אין א זומער פארנאכט פלעגט זיך פרץ ניט אנטזאגן פון דעם פארגעניגן דורכשפאצירן דעם זעקסישן גארטן, און דאן האט עס ווירקליך אויסגעזעהען, ווי א גרויסער גענעראל שפאצירט צווישן זיינע סאלדאטן, אבער אנשטאט דיסציפּ־לין איז דא געוועזן ליבע, הארציגקייט, פון די בענק פלעגט מען זיך אויפהייבן און באטראכטן דעם שפאצירנדן פרץ. כאטש מען האט אים ערשט נעכטן געהערט ריידנדיג אין פילהארמאניע, כאטש ער האט דעם גאנצן לעבן פארבראכט אין ווארשע, אבער א העלד, וועלכן מען האט ליב, איז אלעמאל א נייס, איז אלעמאל א יום־טוב, און, וואו פרץ פלעגט זיך באווייזן, איז געוועזן יום־טוב, און דער חתן, גייענדיג אין ארעם מיט זיין כלה, שטעלט זיך אפּ א ווײלע און רוינט איין דעם סוד, אז אָן־אָן אויף דער צווייטער אלעע גייט פרץ.

האט ער געוואוסט פון דעם, אז פון טויזענטער הערצער שטרעמט צו אים די אויפריכטיגסטע ליבע? יא! ער האט דאס געוואוסט און געפילט, און אטדאס געפיל האט געפונען זיין אויסדרוק אין דעם גוטמיטיגן שמייכל, וואס האט געשוועבט אויף זיינע ליפן, ווען די פארערער פלעגן געבן צוליב זיין כבוד א באנקעט, אדער ווען מען האט אים ביים ארויסגאנג באגעגנט מיט שטורמישע אפּלאדיסמענטן. ער האט געוואוסט פון דער גרויסער ליבע צו אים, און אין זיין ארבעטסצימער האט מען שטענדיג געקענט זעהען נייע סימנים פון דער ליבע און רירענדער הארציגקייט. פאר די, וואס פלעגן צו אים אפּט קומען, איז אלעמאל געוועזן אנגענעם באטראכטן די גאלדענע פעדערס, אלטע מנורות, אלטע מערקווירדיגע ביכער, אדרעסן און זעלטענע טאבאק־פושקעס, אלץ אנטיקן, וואס ער האט באקומען מתנות פון זיינע פילע פארערער און פריינד. ער האט געוואוסט פון דעם, און אין די שווערע מינוטן פלעגט עס אים דינען אלס

טרויסט. איך זאג: שווערע מינוטן. פרץ איז געווען א צו גרייסער קינסטלער, אום ניט צו ליידן שטארק. אים האט זיך ניט אלעמאל איינגעגעבן פארפולקומען דאס, וואס ער האט געטראכט, אסך ווערק, איבערהויפט די דראמאטישע, טראגן דעם כאראקטער פון שטיקלעך מארמאר; דאס גאנצע, דאס הארמאנישע האט געפעלט, און פאר די, וואס האבן געקאנט פרצן, איז ניט געווען קיין סוד, ווי טיף עס זיינען זיינע ליידן. אין דער גרויסער ליבע צו אים האט ער געשעפט טרויסט אין די שעהען פון אומעטיגע, שווערע מחשבות, ווארום מען דארף ניט מגזם זיין דעם באגריף: «ד ע ר י ו נ ג ע ר פ ר ץ» — דעם באגריף, מיט וועלכן מען איז געוואוינט צוצוגיין צו זיין כאראקטער. דער יונגער פרץ! אז מען איז אלט עטליכע און זעכציג יאר און מען איז קראנק אויף א שווערן הארצפעלער, איז מען ניט מער יונג. אמת, אויסערליך האט ער געמאכט אזא איינדרוק, אבער נאר אויף פארזאמלונגען, אין א געזעלשאפט. די אויגן זיינע האבן דאן געשאטן פייער. ער איז געווען לייכט אין די באוועגונגען, אין גאס איז געווען שווער אניאגן אזוי שנעל די טריט זיינע. ער האט ליב געהאט אראפשפרינגען פון א טראַם, פון דער דראשקע, ווי א יונגער מענש. דאס איז געווען א באזונדערער כאראקטערצוג פון א דזשענטלמען, וועלכער וויל ניט ווייזן פאר דער וועלט, ווי די כוחות ווערן שוואכער. אך! ווי זיי ווערן שוואכער, און, ווען פרץ קומט צו זיך אהיים, בייט זיך דאס בילד: איינגעבויגן איבער דעם ארבעטסטיש, זיצט שוין דער אלטער פרץ אין ברילן און איבערזעצט אויף יידיש . . . קהלת.

ער האט מיר ניט איינמאל געזאגט וועגן זיין טרוים, כאטש פאר די לעצטע יאָרן, וואס אים זיינען נאך געבליבן צו לעבן, איבערזעצן אויף יידיש די דריי גרויסע ביכער, וואס יידן האבן: קהלת, איוב און משלי. א גרויסער טייל פון קהלת האט ער טאקע איבערגעזעצט און אפגעדרוקט אין דער ווארשעווער טעגליכער צייטונג «דאס לעבן». מיין נאהנטערע באקאנטשאפט יענעם ווינטער

מיט פרצן האט געהאט אַ שייכות צו דער דאָזיגער צייטונג· פרץ איז געווען איינער פון די רעדאקציאנס־מיטגלידער און הויפטמיט־ארבעטער׳ אבער אפנים באזונדערס האט געמוזט זיין דער זיילן־צושטאנד פון דעם גרויסן דיכטער׳ ווען אנשטאט די גייסטרייכע פובליציסטישע ארטיקלען פלעגט די רעדאקציע באקומען א נייעם קאפיטל קהלת· מיר האבן אין דער רעדאקציע׳ פארשטייט זיך׳ זעהר גוט געוואוסט׳ אז עס איז ניט קיין פאסנדער מאטעריאל פאר א טעגליכער צייטונג׳ נאר גרויס איז געווען דער דרך־ארץ און די ליבע צו פרצן׳ דער דרך־ארץ פאר זיינע פארבארגענעליידן׳ און יעדן פרייטאג פלעגט דער לעזער׳ עפענענדיג די צייטונג׳ גע־פינען די טיפע׳ אייביג קלוגע ווערטער פון קהלת·

ווער איז בכוח בייצוקומען אטדער קלוגקייט פון קהלת? אבער מיט דעם טיפן פעסימיזם פון זיינע ווערטער איז אזוי שווער און ביטער מסכים צו זיין׳ און מען טרייסט זיך׳ און מען זאגט: «ניין׳ דאס געדעכטעניש וועט ניט פארבלייבן׳ און ניט אלע׳ וואס גייען׳ ווערן פארגעסן»· די מענשהייט האט אמת א קורצן זכרון׳ פונדעסטוועגן געדענקט זי די העלדן׳ די העלדן פון געדאנק און פון הויכע געפילן· צו אטדי העלדן האט געהערט יצחק לייבוש פרץ׳ און זיין נאמען וועט בלייבן טיף פארבארגן אין אונזערע הערצער·

---

# יעקב דינעזאן.

איינער נאָך דעם אנדערן, ווערן פון אונזער צופעליגער, צייטיגער וועלט אפגערופן אין דער אייביגער וועלט די עלטסטע און די בעסטע פארשטייער פון דער יידישער ליטעראטור. פאר אטדי פינף יאר האבן מיר פארלארן: פרצן, שלום עליכם, מנדלי, פרוג און איצט איז אטדי גרופע פארשטארבענע פארמערט געווארן דורך דעם אלטינקן, גוטן דינעזאנען. נאך פרצס טויט האט, דעם אמת זאגנדיג, אויך דינעזאנס לעבן פארלארן דעם הויפטאינהאלט: אזוי ענג, אזוי אינטים זיינען זיי געוועזן פארבונדן, אזוי אומענדליך טיף איז געוועזן זייער פריינדשאפט. עס האט אויסגעזעהען, אז דינעזאהן איז געבליבן אביסל לענגער, נאר ווייל זיינע ליבע יידן גייט אין די לעצטע עטליכע יארן באזונדערס ניט גוט, און עס איז דא אסך ארבעט, און אפשר איז ער געבליבן, כדי צו ברענגען אין ארדנונג די פילע פאפירן פאן זיין בעסטן, טייערסטן פריינד. קלאר איז אבער געוויס, אז קיין פרייד אין לעבן, נאך אט דער געוואלטיגער אבידה, האט ער שוין ניט געהאט, און עס איז נאר וואונדערליך צו הערן, אז די אגאניע דינענזאנס האט לאנג געדויערט, דען מען האט געקענט מיינען, אז ער וועט שטארבן שטיל, רוהיג, מיט דעם זעלבן גוטמוטיגן שמייכל, וועלכער איז קיינמאל ניט פארשוואונדן פון זיין געזיכט.

דאס האט פרצן דער מלאך המות געמוזט פאַרזעצן א קלאפ אין הארצן, ווייל פרץ האט ניט געוואלט שטארבן און ווייל מיט אים וואלט מען זיך דארפן ראנגלען, דינגען. אבער דינעזאן! די לייכטסטע ארבעט. ער קען אפילו דעם מלאך המות ניט אפזאגן,

און דער שטילער דולדער, ווען מען זאגט אים, ענטפערט ער: «באלד, באלד, איך בין פאַרטיג».

און אצונד איז ער פארשוואונדן אין דער אומענדליכקייט. אונז בלייבט אבער דער חוב, די געשטאלט פון אטדעם באזונדערס הערליכן מענשן צו פאַרגעגנווערטיגן...

איך פרוב מיך אריבערטראגן אין געדאנקען אין זעהר א פארנעמען, מיט פיל געשמאק איינגעריכטעטן ארבעטס־צימער אויף דער יערוסאלימסקער גאס אין ווארשע. פרץ מאכט לעבהאפטע, ענערגישע שריט איבער דעם צימער, ער איז אין זעהר א גוטער שטימונג, וואס טרעפט ביי אים אלעמאל, ווען עמיצער קומט צו אים מיט א נייעם ליטעראַרישן, קינסטלערישן פלאן, אדער ווען א ניי, אָקאָרשט צוגעשיקט בוך האט אויף אים געמאכט א גוטן איינדרוק, אדער ווען אים האט זיך באזונדערס גוט איינגעגעבן איבערזעצן אויף יידיש א קאפיטל פון איוב אדער משלי. און ווען פרץ איז אין א גוטער שטימונג, דאן דארף מען זיך עפעס בעסערס גאר ניט פארשטעלן, דאן איז ערווירקליך יונג, אטדער אלטער פרץ, די גרויסע, קיילעכדיגע אויגן לייכטן פון שיינער אויפגערעגטקייט און זיין ריידן ווערט מיטאמאל אזוי רייך אין אינהאלט, אין פארבן. א אמתער יום־טוב פון גייסט. ער קלאפט פארבייגייענדיג א יונגן מענשן אויף דער פלייצע און צו דעם אלטינקן, ציכטיגן, ליכטיגן הערן, וואס זיצט ביי א רונדן טישל און מאכט פאפיראסן, ווענדט ער זיך מיט אַ «דינעזאן, וואס זאגסטו צו דעם אלעם». א גאסט, וואס באזוכט דעם ערשטן מאל פרצן, דרייט זיך ביי אזא אויפרופן איבערראשט אום און קוקט זיך איין אין דאס געזיכט פון דעם אלטינקן: «אזוי, דאס איז דינעזאן – דער ווירט פון הויז, פרץ, האט, ווי עס פאסירט מיט אים אפטמאל, אין זיין צעשטרייטקייט פארגעסן פארצושטעלן – אלזא, דאס איז ער דער דינעזאן, טראכט ער ביי זיך ווידער, א גאנצע שטיק פארגאנגענהייט אין דער יידישער ליטעראטור, איינער פון די באליבטסטע שריפטשטעלער, וועמענס

ראמאנען האבן אמאל אזוי די הערצער באוועגט און אויף וועמענס העלדן מען האט דאס אמאל אזוי פיל, אזוי פיל טרערן פארגאסן». אומצייליג די הייזער אין דער יידישער פראווינץ, וואו מען האט גייסטיג, זייליש געלעבט מיט די מזלות פון א רוחמה, ראָזאַ יוסף, מיט אטדי וואונדערבארע, צארטפילנדיגע געשטאלטן, וועלכע האבן געקענט אזוי גליהענד ליבן און, פונקט ווי מען האט געזיפצט און נאכגעווײנט די פארליבטע, טרויעריגע נשמות, אזוי האט מען געהאסט דעם, «שווארצן יונגן מאנטשיק», די פיגור, אין וועלכער דער אַווטאר האט פארקערפערט אלדאס נידעריגע, שלעכטע, פארדאר־בענע. ערינערונגען פון די קינדהייטסיארען טויכן אויף. א דאָרף אין דער אוקראינע. שבת־צו־נאכט נאך דעם עסן. דער פאטער האט זיך מיט א דיקן ספר צוריקגעצויגן אין זאל און די יוגנד, די פרויען זיינען געבליבן אין עסנצימער, אום ביי אבסא־לוטער שטילקייט און איינגעהאלטענעם אטעם צוהערן דעם פאר־לעזן דינעזאנס ראָמאן, וועלכן א וואנדערענדער מוכר ספרים פון ליטע האט אהער געבראכט. אז די פרויען מוזן אפט אפווישן די טרערן, איז קיין וואונדער ניט, זיי זיינען דאך צו דעם גרויסע בריות, און דינעזאן רעדט שוין ווירקליך צו שטארק צום הארצן, אבער איצט מוז אויך דער פארלעזער אליין, א יונגער מאן מיט א ענערגישן, פון ווינט אנגעוויטערטן פנים (פון דעם שטענדיגן ארומ־פארן איבער ירידן) אויפהערן לייענען. עס איז אים עפעס טרוקן געווארן מיטאמאל אין האלז, ספאזמעס ווערגן אים, און א פייכטער נעפל האט באצויגן די אויגן. וואס איז דא אסך צו ריידן? ער פילט לעבן דעם ווינקל פון מויל א געזאלצענעם טראפן, און איידער ער פארזוכט פארבארגן זיין פארלעגנהייט, לויפן אים די טרערן, נאכיאגנדיג איינע די אנדערע, איבער די באַקן: אזוי גרויס איז די ווירקונג פון דעם הארצרייסנדן בריוו, וואס דער העלד שרייבט צו זיין געליבטער. וואס זיינען אבער טרערן פון מענשן! ביליג זיינען זיי. און ווערק פון א שרייבער ווערן נישט פאראייביגט

נאר דורכדעם, וואס מען האט אמאל איבער זיי געשלוכצט. עס איז קלאר, אז בכלל געהערט דינעזאן, אלס שריפטשטעלער, דער פאר־גאנגנהייט. נייע צייטן זיינען אנגעקומען, נייע שטרעמונגען אין דער ליטעראטור, נייע פאדערונגען און נייע אויפפאסונגען. ווי אין אלע אנדערע ליטעראטורן, אזוי אויך אין דער יידישער זיינען דא פילע, וועלכע געהערן צו באשטימטע יארצענטן, וועלכע שטייען אין זייער ראַם און קענען נישט ארויס פון איר אין דאס דויער־האפטע, אין דאס אייביגע. דינעזאן געהערט צו אטדעם סארט שריפטשטעלער. די געשיכטע פון דער יידישער ליטעראטור, אפ־שטעלנדיג זיך אויף זיינע ראמאנען, וועט שטענדיג מיט דאנק־בארקייט דערמאנען די איידעלע געפילן, וועלכע דער מחבר האט ארויסגערופן ביי דעם לעזער, און די געשיכטע וועט ווייטער זאגן, אז אטדער מחבר האט געמוזט א פנים האבן א ווירקליך גאלדן הארץ און זעהר פיל געמיט. אבער ביי דער גרעסטער סימפאטיע מוז די געשיכטע צוגעבן, אז זיינע ביכער האבן נאר אין זייער צייט גע־ווירקט און האבן דעריבער נאר א היסטארישן ווערט, און אז מען לייענט זיי, אטדי ביכער דינעזאנס, אלץ ווייניגער, וויניגער; אַך! דאכט זיך, מען לייענט זיי שוין גאָר נישט. מען ווערט פאר־געסן...

געוואוינליך אבער, יענע שרייבער, וואס פילן די ביטערקייט פון פארגעסן ווערן, האבן זיך ניט די קראפט, דעם מוט אנ־צוערקענען דאס אומפארמיידליכע, דעם הארטן געזעץ. דאס גע־זיכט באקומט דעם אויסדרוק פון ברוגז זיין, פון זיך באליידיגט פילן, מען פארגראבט זיך אין אַ ווינקל און ברומט פון דארטן פארדראסן אויף די יונגע, אויף דעם אומדאנקבארן דור. ווען צו אזא איינ־זאמקייט אין גייסט קומט נאך צו א איינזאמקייט אין פערזענליכן לעבן, ווען אנשטאט ווייב און קינדער, אנשטאט א היים, פארמאגט נאר דעם טיטל פון א אלטן בחור און א קליין צימערל, וואו מען דארף זיך אליין אויף א ספירטמאשינע טיי מאַכן, ווי שטארקט

זיך נאך דאן די פארביטערטקייט׳ און ווי טיפער גראבן זיך ארייין די קנייטשן אויף דעם שטערן·

אבער דער שיינער אלטינקער דארט׳ וואס זיצט ביים רונדן טישל און מאכט פאפיראסן פאר זיין ליבן פריינד פרצן׳ אטדער אלטער דינעזאן׳ וועמענס ביכער מען לייענט שוין נישט׳ און וועלכער ווייס אויך ניט קיין פרייד פון פאמיליענלעבן׳ ווי האט דאס אים געלונגען פארמיידן אלע קנייטשן פון פארביטערטקייט׳ אנטווישונג אין דער נשמה? וואו האט ער דאס געלערנט די קונסט קוקן אויף גאטס וועלט מיט אזא ליבליכקייט׳ מיט אזא גוטהארציגער פריינדליכקייט? און׳ אדרבא׳ זאל ער דערציילן׳ ווי מאכט ער דאס׳ אז ביי יעדן ליטערארישן ערפאלג פון די יונגע טראכט ער ניט וועגן דעם׳ אז אים׳ דינעזאנען׳ לייענט מען ווייניג אדער מען לייענט אים גאר נישט׳ נאר ער ווייס נאר אויסשפרייטן אַ פּאָר הענט׳ נעמען אין די ארעמס דעם יונגן און פון פולן׳ איבערפולטן הארצן גראטולירן אים צו זיין ערפאלג׳ אפט צו דעם ערפאלג פארהעלפן׳ בכלל העלפן׳ אויפמונטערן׳ זיך מיט א צווייטנס פרייד צו פרייען· ווי מאכט מען דאס? דאס מאכט מען ניט· דאס איז א גליק· ווי דער דיכטער זאָגט·

> Glücklich der Mensch, der fremde Größe fühlt
> Und sie durch Liebe macht zu seiner eignen.
> Denn groß zu sein, ist wen'gen nur vergönnt.

אזא גליקליכער מענש איז געוועזן דינעזאן׳ און פונדאנען שטאמט די לייטזעליגקייט אין זיין גאנצן וועזן· ער האט ניט פראטעסטירט קעגן דעם פאנטעאן פאר די אומשטערבליכע׳ וועלכער וויל אים ניט ארייננעמען׳ ער האט זיך באנוגנט מיט דעם בעשיידענעם ארט אין דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראטור׳ וואו מען דערמאנט אים מיט ווארימקייט און ליבע׳ אבער מיט דער ריכטיגער אפשאצונג· און צו זיך אליין ווי געזאגט: «אודאי געהער איך ניט צו די גרויסע· אלע קענען דאך ניט אהער געהערן· איך פריי זיך׳

וואס מיין פריינד פרץ געהערט אהין· מען זאגט׳ אז איבער א אומ־גליקליכער ליבע מאכט מען ניט אזא ליארם׳ ווי איך האב געמאכט אין מיינע ראמאנען׳ אז מען זיפצט גאר ניט אזוי פיל׳ און מען פארגיסט ניט אזוי פיל טרערן· אין דער איצטיגער ליטעראטור נעמט מען די זאך ניט אזוי טראגיש׳ ווי איך האָב דאס גענומען· עס קען זעהר זיין׳ אין מיין צייט האב איך דאס אבער געטאן׳ ניט מחמת איך האָב פארטראטן א באשטימטע ריכטונג אין דער ליטע־ראטור׳ נאר מחמת מיין הארץ האט מיר שטאַרק ווייה געטאן׳ צו־זעהענדיג אלע אומגערעכטיגקייטן אין דער וועלט און דאס אומגליק פון מיינע העלדן׳ איך האב נעמליך אביסל א שוואכע הארץ·»

א שוואכע און אזא גוטע הארץ· אן ארבעט איז עס קיינמאל נישט געבליבן· ווען די דיכטערישע וועלט איז פאר אים פאר־שלאָסן געבליבן אויף דער עלטער׳ האט ער זיך אפגעגעבן דערווירקליכער וועלט׳ די ווירקליכע׳ ניט אויסגעטראכטע מענשן· קינדער האט ער זיין הארץ אפגעגעבן׳ וועלכע אטדער אלטער בחור האט ליב געהאט מיט אזא הייסער ליבע׳ און געוועזן זיינען נאך גרויסע׳ זארגלאזע קינדער׳ וואס הייסן יידישע שרייבער׳ אויף וועלכע זאטע׳ צופרידענע מענשן מורמלען אמאל׳ אבער וועלכע זיינען דאך שרייבער און לעבן דאך אין דער וועלט פון גייסט· ניט פריילין איז דאס לעבן פון אטדעם סארט מענשן אויך אין אנדערע ליטעראטורן׳ אין דער יידישער ליטעראטור באזונדערס· ווי דאס גאנצע יידישע לעבן׳ אזוי איז אויך די ליטעראטור אומנארמאל· דער יידישער שרייבער פירט א האלב נאמאַדישן לעבן און עס טרעפט צייטן׳ ווען ער פאלט אריין אין דעם שטארקסטן צווייפל׳ ער ווייס גאר ניט׳ צי מען דארף אים׳ צי מען נויטיגט זיך אין אים· זארגן גרויסע האט ער שטענדיג׳ און איינזאם פילט ער זיך· דינעזאן׳ וועלכער האט שוין לאנג׳ לאנג פון א פערזענליכן לעבן זיך אנטזאגט׳ האט פאר די ברידער־שרייבער שטענדיג אפן געהאלטן זיין הארץ און זיינע ארעמס· ער האט געהאלפן מיט א עצה׳ מיט אויספירן א שליחות׳

מיט משתדל זיין זיך ביים פארלעגער, מיט סתם אגוטן טרייסטווארט, מיט א פאָר רובל אויך אפט. א פריינד, א אמתער פריינד איז ער געוועזן פאר זיינע קאלעגן־שרייבער. וואס ווילט איר נאך? דעם שענסטן טייל פון זיין נשמה האט ער אבער אפגעגעבן פרצן. עס איז זיך קוים פארצושטעלן עטוואס רירנדערעס, צערטליכערעס, ווי אטדי באציהונגען צווישן פרצן און דינעזאנען. ווען מען האט געוואלט פארשאפן א פארגניגן דינעזאנען, האט מען אים נאר געדאַרפט פראוואָצירן צו דערציילן און ריידן וועגן פרצן, וועגן פרצס יוגענד, ערשטע ליטערארישע ערפאלגן, וועגן זיין לעבן אין די לעצטע יארן, און אמאל האט ער אויך דערציילט סודות, וואס האבן באלויכטן פרצן גאר פון א אנדערער זייט, אזא סוד צום ביי־שפיל, ווי א יונגער מאן איינער, וואס האט אים צופיל געדולט דעם מוח מיט מאנוסקריפטן, מיט שירים, וואס טויגן ניט, ווירקליך צופיל געדולט דעם מוח, ווערט פון פרצן צוריקגעוויזן און גייט אוועק נידערגעשלאָגן. דער פארדראס ביי פרצן פארשווינדט גלייך, דער־פאר אבער בלייבט ביי אים טיף דער איינדרוק פון דעם יונגן מאנס נידערְגעשלאגנקייט. איינדרוק? רוהען קען ער ניט, קיין ארט קען ער זיך נישט געפינען, און פרץ לויפט ביים מארגענגרויען צו דינעזאנען און וועקט אים, כדי זאַלבענאנד אויפזוכן נישט אנדערש דעם יונגן מאַן, טרייסטן אים, העלפן. «נישקשה, נישקשה, יונגער מאן, מען דארף ניט פארלירן די האפענונג, קומט אקארשט צו מיר ארויף, אדרבא!»

איצט זיינען זיי, אטדיביידע פריינד, ווידער צוזאמען אין דער אייביגער וועלט, וועלכע מיר רופן אן, אלס טרייסט, די אמתע, און מיר דוכט, ווען די טירן פון גן־עדן — און וועלכע אנדערע טירן האבן עס דען געקענט זיין פאר אזא לויטערן מענשן — האבן זיך גע־עפנט, כדי דורכצולאזן דינעזאנען, האט ער געזעהען, ווי אים איילט אנטקעגן פרץ מיט אויסגעשפרייטע ארעמס און שטראלנדן גע־זיכט:

דינעזאן, פריינד דינעזאן! וואו ביסטו דאס אזוי לאנג געוועזן? זינט מיר קענען זיך, איז דאס ערשטע מאל, וואס מיר זיינען אזוי לאנג געשיידט.

און דינעזאן ענטפערט:

אזוי פיל ארבעט געוועזן, אזוי פיל צרות אויף יידן, פאגראמען, הונגער און אסך יידישע יתומים, און דיינע כתבים האט מען דאך אויך באדארפט ברענגען אין ארדנונג, אַ גאָר אקוראטנער מענש ביסטו דאך, פרץ, ניט געוועזן...

---

# שלום אש.

## (א שטעטל.)

I

אין דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראטור וועט מען וועגן שלום אשן רעדן איבערהויפט, ווי וועגן א שאפער פון א וואונדערבארער לעגענדע, וואס טראגט דעם נאמען «א שטעטל». מען וועט אים זעהר ליב האבן פאר זיין גאלדענער פאעמע, פאר די עפישע דערציילונגען פון א פרימיטיוון, טיפן לעבן פון איינפאכע, טיפע מענשן.

מען וועט שרייבן קריטישע ארטיקלען איבער «משיחס צייטן», «גאט פון נקמה», «שבתי צבי» און דערביי באמערקן, דאס אויפן וועג פון שאפן טרעפן זיך: א קוטנער ייד שלום אש מיטן געניאלן קראנקן דאסטאיעווסקי און דעם גרויסן נארוועגער איבסען (מען וועט עס באמערקן ניט פארגעסנדיג אויף איין ווײלע די גרויסע דיסטאנץ צווישן די ביידע געניעס און דעם פיינעם, זעהר פיינעם טאלענט), ווארום מען דארף גאר ניט לאנג זוכן, אום צו געפינען א שייכות צווישן יאנקל שעפשאוויץ׳עס טענהן צו גאט און קאראמאזאווס ליידנשאפטליכע פראגן, פארוואס שטראפט גאט די ריינע, אומשולדיגע קינדער. און הענגט דען ניט אויף רבקהלעס קאפ די אייגענע קללה, וואס אויף פרוי אלווינגס זון אסוואלד? ווערן זיי דען ניט ביידע באשטראפט פאר די זינד פון זייערע עלטערן? אנטקעגן ביידע איז אומגערעכט דער אל נוקם ונוטר, און מיט זיין אומגערעכטיגקייט רופט ער ארויס א פראטעסט, וועלכער נעמט אן כמעט איין פארם: יאנקל שעפשאוויץ קערט אום די תורה, קאראמאזאוו זאגט אויך, אז ער וועט צוריקגעבן זיין «בילעט»...

און נאך אסך ענליכקייטן וועט לייכט זיין צו געפינען צווישן שלום אש און די פארשיידענע אייראפעאישע קינסטלער איצטיגע. איך בין פעסט איבערצייגט, אז די היסטארישע פיגור שבתי צבי, וועלכע אש האט באדייטנד מאדערניזירט, וועט ביי פילע ארויס־רופן די טראגישע געשטאלט פון הויפטמאנס מייסטער העגריך...

נאר איין ווערק שטייט גאר באזונדער, איינזאם. אין איר טרעט אש ארויס ניט ווי א זון פון זיין דור, ניט ווי א איצטיגער שוואכער, מידער, מיט ספקות און פראבלעמען אנגעלאדענער אינטע־ליגענט, נאר ווי א צופעליגער אורח, ווי א גאסט פון א ווייטער, ווייטער לאנד. ער קומט אין די גרויסע שטעט, וואו עס קאכט, עס זודט דער קולטורטומל, וואו עס צאפלט זיך דער מענש אין די שרעק־ליכע נעצן פון וויהטאגדיגע פראגן, ער קומט אהין, וואו עס ליגן צעריסענע, צעשמעטערטע שטיקער נשמות, און מיט דער שפראך, מיט דער שטים פון זיין ווייטן לאנד דערציילט ער רוהיג, פאמעליך, ווי עס לעבן מענשן דארט אין «שטעטל». א גאנצע הארמאנישע וועלט אנטפלעקט זיין דערציילונג פאר די אויגן פון דעם מידן אייראפעער, וועלכער ווייס נאר דיסאָנאנסן, וועלכער קען נאר די ליידן פון «ויתרוצצו», דעם אומגליק פון סצילא און כאריבדא. וואס פאר אַ גאנצקייט, וואס פאר א פארטיפטע אידיליע, וואס פאר א פרידן, רוהיגקייט הערשט דארט אין דעם «שטעטל».

און נאך עפעס: אסך אינערליכע פרומקייט באגלייט יעדן שריט און טריט, יעדע קלייניגקייט. עמיצן דינען זיי, די מאדנע אריגינעלע «שטעטל»־איינוואוינער, נאר דער, וועמען זיי דינען, איז אזוי ניט ענליך צו דעם איצטיגן אייראפעאישן אפגאט, צו דעם אפגאט פון מירבאס איסידאר לעשאַ, פון יושקעוויטשעס דוד גראסמאן, פון גארקיס מאיאקין, דער אפגאט, וואס צעטיילט מענשן אויף פיינדליכע מחנות, וואס צווינגט קריצן מיט די ציינער, וואס ווארפט אריין טויזנ־טער אין די קאלטע ארעמס פון איינזאמקייט, וואס לאדט אן די לופט מיט טומל, געשריי, און מאכט וואָכעדיג אלץ, אפילו דעם

טעמפל׳ ווארום אט קלאגט זיך איינער׳ וואס די ענגלענדער רופן אן זייער קירכע God's stop גאטס קרעמל· · · ·

די הערליכע לעבנס־אקארדן׳ וועלכע הערשן אין «שטעטל» זיינען דער אנטיטעז פון דעם׳ וואס איז כאראקטעריסטיש פארן לעבן פון דער איצטיגער געזעלשאפט׳ אנשטאט בארבארישער אפגע־שטויסנקייט פון איין מענש פון צווייטן ־ א פאטריארכאלישע אחדות׳ אנשטאט געצוואונגענעם אינדיווידואליזם׳ אונטער וועמענס יאך עס קרעכצט אזוי דער מענש׳ ־ א וואַרעמע׳ ברידערליכע געזעלשאפטס־באציהונג׳ קיין זכר פון אינערליכער צעריסנקייט׳ פון דעם איירא־פעאישן רעפלעקס׳ פון די ספקות און אלע שבעה מדורא גיהנם׳ אין וועלכע עס ברענט און שרייט צום הימל די נשמה פון דעם איצטיגן אייראפעאישן אינטעליגענט·

און פאר די בילדער׳ וועלכע אש וויקלט פונאנדער׳ שטייט ער׳ דער אקארשט דערמאנטער אייראפעאישער אינטעליגענט׳ אנטציקט׳ יאָ׳ יאָ׳ נאך דעם בענקט ער׳ דאס האט זיך אים געוואלט׳ דא ליגט דאס מוטער־קישל׳ אויף וועלכן עס וויל לאזן אפרוהען זיין מידע׳ פערמאטערטע קאפ׳ א שווערע משא׳ מיט א גרויסער איינגעגלויבטקייט ארויפגעווארפן אויף די ארימע פלייצעס׳ און איצט בייגן זיי זיך פון מידקייט: ארומגעטראגן זיך א צייט איבער דער וועלט מיט שיינע ווערטער וועגן שטארקן׳ איינזאמען׳ וועגן דער וויכטיגקייט פון שטענדיגן שטרעבן און ניט דערגרייכן׳ וועגן דער פראכט און שיינקייט פון קאמף׳ ־ און ניט אויסגעהאלטן· נאך א אידיליע לעכצט דאס צעבלוטיגטע הארץ פון איצטיגן מענשן· אינערליכע הארמאניע׳ שטילע רוה׳ פרידן׳ פראסטן׳ שטארקן גלויבן וויל דער מידער׳ עס האט דערעסן די סקעפסיס׳ וואלטערס סארקאזם׳ דער קאמף־שווערד· צו דער אמאליגער לעגענדע׳ צום ביבלישן סטיל׳ צום פאסטוך׳ צו דעם פארטראכטן מענש׳ וועלכער רייט דארט שטיל אויף א אייזל איבערן גרינעם וועג און האלט א פאלמען־צווייג אין האנט׳ צום עפּאָס שטרעבט דעם מענשנס נשמה·

אסקאר ווײַלד טרינקט פון פולן בעכער וועלט־פארגניגן· ער איז דער אמתער קיניג פון איצטיגער קולטור· אויף זיינע ליפן רוהט שטענדיג פעטראניוס איראנישער שמייכל· און סוף כל סוף ווארפט ער אוועק דאָריאַן גרייס אויסגעצירטן קאבינעט· טוט אָן אויף זיך דעם איינפאכן בגד פון א גלילער פאסטוך און שרייבט זיינע זעלטענע לעגענדעס· שרייבט זיין «ממעמקים»[1])·

אט איז נאך איינער· א גרויסער מייסטער· דער באליבטסטער שרייבער אין אייראפע· זיינע העלדן האט ער ליב צו באהאלטן אין די געדיכטע וועלדער· ווארום אין שטאדט איז ענג· אין שטאדט איז שלעכט· פארט ער אמאל· דער גרויסער מייסטער· און זעהט אזא בילד:

«פארנאכט· אין מיטן פעלד שטייט דער צוג און ווארט אויף דעם צווייטן צוג· וועלכער דארף אט־אט אנקומען· פון וואגאן צום פרייען פעלד גייט ארויס א פאסאזשיר א מחמדאנער· ער ניצט אויס די פּאָר מינוטן· כדי שיקן זיינע תפילות צום בלויען הימל· אט שטרעקט ער אויס זיינע הענט· אט ציהט ער זיך אויס אויף דער פייכטער ערד און קושט זי שעפטשענדיג: אלאה!· אלאה! פונדערווייטן זעהען זיך די לויפעדיגע אויגען פון א קומענדן צוג· אלע איילן זיך· אלע פארכאפן די ערטער· דער מחמדאנער שטייט פארטיפט אין זיינע תפילות· «גיכער· גיכער» שרייט מען אים פון אלע זייטן· דער קאנדוקטער פייפט· די רעדער פון די וואגאָנעס הייבן זיך אן רירן· און ער· דער מחמדנער· שטייט אלץ פארטיפט אין זיין מעריב· די אויגן צום בלויען הימל· און די ליפן שעפטשען: אלאה· אלאה···»

און ער איז בארעש׳ט· דער גרויסער מייסטער· דער טיפער סקעפּ־טיקער· ער שרייבט לירישע בלעטער וועגן דעם מחמדנער· עס רירט אים דאס שטיק אריגינעלע· אלטע· פראסטע· הארמאנישע וועלט· וועלכע איז אזוי ניט ענליך צו דער איצטיגער· וועלכע איז אזוי סותר די איצטיגע און איז אזוי שיין···

[1]) אויף לאטייניש „De profundis“· דאס זיינען די ערשטע ווערטער פון קאפיטל ק״ל פון תהילים·

און דאס אייגענע געפיל וועט ביי אים ארויסרופן דער מאמענט, ווען אשס פאטריארך רב יחזקאל שטייט שמונה עשרה, און מען זאגט אים אן, אז זיינע פליטן האט אוועקגעטראגן דאס געוויטער. ווי וואונדערבאר, באדייטנד דאס בילד איז:

«פלוצלונג, ווען עס איז אזוי שטיל, און מען שטייט שמונה עשרה, און אלץ ארום שטייט שמונה עשרה: דערהערט זיך פון דרויסן א גאס, ווי א ים וואלט אונטערגעגאנגען אין א ים... דער־נאך א לאנגע ווײלע א שטילעניש: «האלטן, האלטן»! ־ שרייט מען. דער קול האט מיט רעש אפגעשלאגן, אזוי ווי מען וואלט מיט דער פויסט אין פענסטער אריינגעקלאפט...

עס ווערט א טומל.

עס קומט אריין צעלויפן חיים אהן אן אטעם:

פאניע, די דריטע טראטווע איז אוועקגעשוואומען.

די יידן שטייען שמונע עשרה.

א מינוט קוקט זיך דאס בחורל אן מיט ר״ חיימען, און זיי שווייגן.

די יידן גייען אויס שמונה עשרה.»

מען דארף פארשטיין די גאנצע באליידיגונג פאר דעם מענשנס איך, וואס אנטהאלט אין זיך די איצטיגע שטאט־קולטור, מען דארף פילן די גרויזאמע שרעק פון טייוולשער איילעניש, פון מא־ראלישער און גייסטיגער נאקעטקייט, און זעהען דוד גראסמאנען, ווען ער זיצט מיט וועלפישע אויגן אויף זיין זאק געלט, און הערן, ווי איסידאר לעשא נארט, נארט, פארקויפט אלץ, פארוואס אמאל האבן זיך מענשן מקריב געווען, שטיקער פלייש געלאזט רייסן! מען דארף זיך דערמאנען נאר אן דער גאנצער פאלשקייט, בלוטיגער פאלש־קייט, וועלכע שוועבט און הערשט דארט אין שטאט, כדי אפצושאצן ווי געהעריג די שיינקייט פון «שטעטל», כדי פארשטיין, וואס פאר א קאלאסאל גרויסע באדייטונג האט פאר אונז רב יחזקאלס ניט קימערן זיך פאר די פליטן, דעם געשריי «האלטן, האלטן» און דעם מחמדאנערס

ניט איילן זיך, ניט רירן זיך, ביזוואנען ער האט ניט געענדיגט זיין נאכט־תפילה.

בכלל איז אשס «שטעטל» טייער נאר פאר אונז, איינוואוינער פון גרויסע שטעדט. פארוואס? פאר וואס איז אונז אזוי שווער זעגענען זיך מיט די בלעטער פון אשס פאעמע? וואס געפעלט אונז, וואס רירט אונז אין דעם זעלטענעם ליטעראטור־דענקמאל? פארוואס ווילט זיך בראדזשען, אומגיין מיט אשן איבער די רוהיגע גאסן פון שטעטל, וואו עס איז אזו פיל פריידן, ווארימקייט, פארוואס? יא, צוליב דער אייגענער סיבה, וועלכע האט אמאל געצוואונגען שאַטאָבריאַנען לויפן פון דעם הארטן, פול מיט אומרעכט, לעבן צו די ווילדע אינדיאנער, און דעם געניאלן פושקין שרייבן זיינע «ציגיינער».

די מענשן האבן זיך צעקריגט צווישן זיך, אפגעטיילט זיך איינער פון צווייטן, יעדערער כאפט זיין שטיקל גליק און אנטלויפט:

באהאלטן זיך מיט ווייב און קינד, מיט כלות און חתנים
פארשלאסן טיר און לאדן, קיינער זאל ניט זעהן,
און נאגן דארט שטילערהייט, אז קיינער זאל ניט הערן,
איטליכער אין זיין קאנורע פון זיין פיצל נחת (ז. שניאור).

און דער, וועמען עס איז ניט געלונגען, אדאנק ווייניג פלינקקייט, צופיל וויכקייט, קריגן דאס פיצל נחת, גייט אום איינער אליין, און קיינעם ארט דאס ניט. פארהאן גרויסע, שיינע שטעט, פארהאן גרויסע מויערן, און א סך וואוינען דארט מענשן, נאר יעדער באזונדער, אלע צעקריגט. און עס גייט דער איינזאמער, זיפצט אין זיך, און עס הערט די זיפצן נאר די גלייכגילטיגע לבנה, און עס פאלן די טרערן אויף די הארטע שטיינער פון די גאסן.

און דאן פאנגט אן דער פאעט פאנטאזירן און דאן שרייבט דער פאעטישער בארד וואלט וויטמאן פאלגנדע זעלטענע שורות:

אומבעקאנטער, ווען דורכגייענדיג
באגעגנסטו מיך,
און מיט מיר ווילסט דו ריידן,

פארוואס זאלסטו ניט אנפאנגען ריידן מיט מיר?
פארוואס זאל איך ניט אנפאנגען ריידן מיט דיר?

וועט אמאל אנקומען די שעה פון אזא הייליגן נשמה־געשפרעך צווישן איין מענשן מיט דעם צווייטן? וועט מען אמאל קאנען «אנפאנגען ריידן» אזוי׳ ווי עס האט געחלומט וויטמאן? ריידן איינפאך׳ ערנסט און מיט יעדערן׳ ווארום יעדער איז א ברודער׳ יעדערנס הארץ איז אָפן׳ אנגעגרייט צו ליבע׳ צו א גוטברידער־ליכןווארט: נא טולעֶ זיך צו· וועט מען ארויסקריכן אמאל פון דער פאלשער פארמאליטעט? איינע שווימען איבער דעם ים פון צוקונפט און מאלן אוטאפיעס׳ אנדערע אידעאליזירן די פאר־גאנגנהייט·

צו די לעצטע געהערט שלום אש·

דעם הארטן׳ קאלטן לעבן פון היינט לייקנט ער אפּ מיט דער פאעמע פון «אמאל»׳ יעדער ווינקל פון זיין שטעטל גיט אפּ מיט ווארימקייט׳ לויכט מיט ליבע· די פארמאכטע טירן׳ פארשפארטע לאדנס פון יושקעוויטשס דוד גראסמאן שטעלט ער אנטקעגן דאס פריינדליכע׳ אפענע׳ פאטריארכאלישע הויז פון ר״ יחזקאל גאמבינער· ווי גוט איז דארט:

«די טיר פון דער שטוב איז אָפן א גאנצן טאג און א גאנצע נאכט׳ און ווי אין א גאסטהויז דרייט מען זיך דארט תמיד אריין און ארויס· איזן איז עס ר״ יחזקאל גאמבינערס שטוב׳ נאר דאך ־ א שטאט־שטוב׳ א רשות הרבים׳ אזוי׳ אז א ווילד פרעמדער קומט אריין און זעצט זיך אנידער׳ גייט ניט אן די קשיה: «וואס וועט איר זאגן׳ ר״ ייד»׳ דא זיינען אלע אינדערהיים· פארלאזט א שטאט־בעל־הבית זיין היים אינדערפריה אהן א גלאז ווארימס׳ גייט ער זיך פראסט מיט טלית און תפילין אריבער צו ר״ יחזקאלן אין «שטוב» אריין׳ און׳ ווי א היימישער׳ הייסט ער איינער פון די דינסטן׳ אז זי זאל אים א גלאז טיי דערלאנגען׳ מעהר איז מסוגל די «שטוב» צו א גלעזל בארשט· נאך אים קומט מען אריין אין

א ווינטערדיגן נאכן אנבייסן, אז דער פראָסט קנאַקט, און מען וויל זיך די גלידער אנוואַרימען, און ווער שמועסט נאָך, אז מען קאַכט ביי מלכּהלען ־ ר׳ יחזקאַלס ווייב ־ דעם קנאָבלבאַרשט· צו נעמען אין «שטוב» איז ניט קיין חרפּה, דער מנהג איז שוין אזוי: א גלעזל באַרשט ־ א טרונק וואַסער. פוילט זיך נאָר א שטאָט־בעל־הביתטע די האָרובע אונטערצוהייצן, נעמט זי איר טעפּל און טראָגט עס צו מלכּהלעס קיך אַריבער, און אין מלכּהלעס קיך געפינען זיך די גאַנצע שטאָדט־טעפּלעך. טיילמאָל פּאַרטוישן זיך די בעל־הביתטעס מיט די טעפּלעך, ווערט דאָרט א לעבן. מאַכט זיך א יונג א «ברוגז» פונדערהיים, האַלט ער זיך אויף אין ר״ יחזקאַלס שטאַלן, צו זאָרגן איז נישט דאָ וואָס. ברויט און זעמל ווערן ביי ר״ יחקאַל׳ן ניט פאַרשלאָסן».

II

דעם עלעמענט פון קאַמף, פון צוזאַמענשטויסונגען, געפינט איר ניט אין אַשס שטעטל, דערפאַר שטייט דאָס ווערק גאָר באַזונדער צווישן די ביז איצט אנגעשריבענע אַשס ווערק. דאָס «שטעטל» ווייס ניט פון קאָנפליקטן, און, קומען זיי פאָר, ענדיגן זיי זיך שטענדיג מיט א רוהיגן שלום, איין צד לייגט אוועק שטענדיג אליין, אויס אייגענעם ווילן, דעם שווערד. ווער קען פאַרגעסן א סצענע ביי אַשן, ווען דער רב גייט באַגעגענען דעם רבין? אין שטעטל האָבן זיך אַרום דעם רב, וועלכער האָט געהאַט זיין צד, און דעם נייעם רבין, וואָס האָט געדאַרפט אָנקומען, אנגעצויגן קליינע וואָלקנדלעך פון מחליקות, אט־אט נאָך א ווײַלע, וועט אויפרייסן א פּאַרטיי מלחמה, נאָר אַש, פּונקט ווי ניט וועלנדיג אָנרירן די שטילקייט און רוהיגקייט, האַקט איבער דעם קריג און שרייבט, איך וואָלט זאָגן, איינע פון די בעסטע בלעטער פון זיין פּאָעמע, ווען עס וואָלטן ניט געווען אַסך אַזוינע בעסטע, ווען דאָס גאַנצע בוך וואָלט ניט באַשטאַנען בלויז פון «בעסטע».

פריהער א נאטור־בילד, פריהער א זומער פארנאכט און א התפעלות פון דעם באגייסטערטן עולם:

«דער רבי פארט! דער רבי פארט!

און יידן, ווי גרויס און ווי קליין, האבן זאך געגעבן א לאז העֶנדום פענדום אין וואלקן שטויב אריין, און אים צוריסן, פארבלאזן, און עס האט זיך ארויסגעוויזן א גרויסער וואגן. אין וואגן איז דער רבי אין א ווייסן, אטלאסענעם כאלאט געווען פארטונקט צווישן שווארצע סאמעטענע קעפ און פאות, א אלט גראהער ייד, פאר־ווארפן די הענט איבערן הארץ, פארגלייסט די אויגן אין הימל אריין, און דער הויכער, איידעלער, אריסטאקראטישער שטערן קנייטשט זיך פון צייט צו צייט.

שלום עליכם!

און עס האבן זיך געגעבן א ציה הענט דארע, לאנגע, בלייכע, פעטע, דיקע, רויט־האריגע און איידל־גלאטע, א ים הענט. איינע איז דערטרונקען געווארן אין דער צווייטער, איינע ארויף, די אנדערע אראפ, און דער רבי האט יעדן באזונדער שלום עליכם אפגעענטפערט.

צום סוף האט זיך דער רב צוגערוקט צום רבין, האט צו אים די האנט אויסגעשטרעקט:

שלום עליכם!

עליכם שלום, ווער איז עס? האט דער רבי געפרעגט.

דער רב פון שטאט.

דער רב פון שטאט? אזוי.

איך האב אייך דאס קוויטל געבראכט, זאָגט דער רב, דאס קוויטל איבערגעבנדיג.

דער רבי האט די בלייכע האנט אויסגעשטרעקט נאכן קוויטל.

דריימאל ש״ס וויל איך אייך אוועקגעבן, עס איז מיין מצוה, האט דער רב געשטאמלט נאך א קליינער מחשבה.

צווישן עולם איז א געמורמל געווארן.

צו וועמען פארסט דו?, האט דער רבי מיט א שמייכל געפרעגט, דאס בריוול אין בוזעם־קעשענע ארײנלייגנדיג.

צו קיינעם ניט.

צו קיינעם ניט? נו ווערסטו ביי מיר ביים טיש זיצן, האט דער רבי געשמייכלט.

דער רב איז נאך געשטאנען.»

אזוי ענדיגן זיך קאנפליקטן אין אשס שטעטל, אזוי גייען זיך פונאנדער מחלוקות־וואלקנדלעך, און מערקווירדיג: איינער האט, דוכט זיך, אונטערגעגעבן זיך, דער רב האט פארבייגט זיין פּאָן, כמעט ווי צו די קני געפאלן, און קיין באליידיגונג פאר דעם מענשנס כבוד געפינט איר ניט, ניטא קיין באזיגטע, פארקערט, דער רב וואקסט אויס הויך, הויך אין די אויגן אפילו פון זיינע קעגנער, ווארום א סך שיינקייט איז געוועזן אין דעם מאמענט, ווען דער רב האט זיך אונטערגעגעבן, די שכינה האט גערוהט אויף זיין געזיכט, אלע האבן דאס געפילט, אויף אלעמען האט דאס געווירקט. אש וויל וועגן דעם ניט ריידן, איר דארפט עס אליין דערפילן, אש באמערקט נאר:

«צווישן עולם איז א געמורמל געווארן».

און ווידער דארף מען זיך אומקערן צו דעם אינטענסיוון פארטיי־קאמף, צו די צונויפגעדריקטע פויסטן, צו דער צייטונג און פאר־לאמענט, כדי צו פארשטיין די גאנצע עניוות פון דער באגעגעניש פון צוויי קעגנער אויפן פרייען פעלד און זייער שליסן שלום.

פון אלץ, וואָס איז ביז איצט געזאגט געווארן, איז געדרונגען, דאס «שטעטל», ניט געקוקט אויף דעם, וואס זי איז די יודישסטע נאציאנאלסטע זאך אשס, קאן פערנעמען א באדייטנדן ארט אין דער אייראפעאישער ליטעראטור, ניט אדאנק די פילע ריין קינסט־לערישע מעלות, ניט אדאנק דעם אדער יענעם פראבלעם, וואס ווערט דארט באהאנדלט, נאר גראד דערפאר, וואס דארט איז קיין

פראבלעם ניטא· זאל מען דאס אנרופן רעאקציע, ראמאנטיזם, זאל מען זאגן, אז דאס איז א געפּערליכער צייכן פון מידקייט, פון דעקאדאנס, נאר אין דער גאנצער וועלט כמעט, און איבערהויפּט אין דער ליטעראטור, באמערקט איר א שטארקע שטרעבונג צו רוה, צו שטילקייט. ראדענבאך איז געווען דער ערשטער באדייטנדער פאעט פון «שטילקייט און אומעט». אויף די גאסן קומט נאך פאר דער קאמף, נאר עס מערן זיך פון טאג צו טאג די, וועלכע ווילן אוועקגיין ערגעץ ווייט, ווייט אהין, אין די ניט גערירטע לענדער. איינער באהאלט זיך אין דעם גרויסן מעטשעט איא־סאפיא, וואס מיט זיין געטליכער שטילקייט, מיט דעם אומעטיגן, שטילן ניגון פון די סאפּטן, מיט די שפּיציגע מינארעטן געווינט ער די ליבע פון דעם מידן, ווען עס האט שוין דערעסן די פּראכט־ארכיטעקטור פון מילאנער און קעלנער קאַטעֶדראַלן. דער אנדערער טרייסט זיך מיט ביבלישע לעגענדעס, דער דריטער שרייט אויס א תוכחה דער איצטיגער קולטור און זאגט נביאות, אז די צוקונפט וועלן מענשן געפינען דארטן, אין די מזרח־לענדער.

אלץ, וואס ברענגט מיט זיך א שטיק אלטע, פארצייטיגע קולטור אדער א קולטור פון א נאך אומבארירטן שטיקל לאנד, אלץ, וואס ווערט דערציילט ניט מיט דער קאנוואולסיווער, עפּילעפּטישער שפּראך, נאר מיט דער רוה פון א קלוגן, מיט דער רוה פון אמאליגע מענשן, ווערט אנגענומען, ווי א געוואונשענע מתנה, ווי א טרייע מתנה.

אזוי פלעגט מען ליב האבן אין די סאלאנען פון פאריגן יארהונדערט, נאך א באל אדער א פארשפּיצטן דיספּוט, אפּצורוהען זיך ביי אַ אידיליע. אין דעם אויסגעצירטן, בעלויכטענעם סאלאן פלעגן אריינגיין דארפישע מענשן אין דארפישע קליידער, דארפישע פרויען מיט קראנצן בלומען; די פרישע גרינקייט פון פעלדער, די גאנצע ריינקייט פון דער מילדער נאטור פלעגן זיי ברענגען מיט זיך, און די געסט מיט די אנגעפּודרעוועטע פּאריקן, מיט דער אפּיקורסישער חכמה פון די פראנצויזישע ענציקלאפּעדיסטן און מיט דעם סקעפּ־

טישן שמייכל אויף די ליפן, און די גאנצע ריינע סאלאן־קולטור פלעגט טיף זיצן אין די מיט סאמעט באצויגענע שטולן און רוהען, רוהען . . .

אשס שטעטל איז א אידיליע, אבער ניט קיין ראָמאַנישע אידיליע. צופיל אייגענע, אריגינעלע קולטור האבן אטדי מענשן, צופיל גייסטיגן פאַרמעגן באזיצן זיי, אום מען זאל זיי קאנען פארגלייכן מיט נאיווע העלדן פון א פאַסטאָראַלן בילד.

זאגאר די פראגע וועגן «אנהויב און סוף», זאגאר מאטיוון פון קהלת הערן זיך אמאל, גנבענען זיך אריין אמאל צו זיי, נאר מיט דער פרימיטיווער שטילקייט, מיט דעם נירוואנישן אפגעבן זיך, מיט דעם עטוואס פארטרויערטן פאנטעאיזם.

פארשפרייט אמאל אירע שווארצע פליגלן איבערן שטעטל די מעלאנכאליע, שרייען זיי ניט, רייסן זיי ניט מיט שערבלעך און אייזערנע קאמען דאס לייב, מאכן זיי ניט קיין קללה־זשעסטן, ווי איוב.

בענקשאפט, אומעט דריקט זיך אויס אין אנדערע, אריגינעלע פארמען, וועלכע זיינען אזוי נאהענט צו דער גאנצער שטימונג פון איצטיגן אייראפעער:

«אין פעלד, אין גראז ליגן קופקעלעך חסידים, הינטערן שטאדט, און זינגן דעם יאושודיגן:

שוכני בתי חומר<br>למה תשאו עין?<br>ויתרון לאדם מן הבהמה אין».

III

ביז איצט האב איך באטראכט אשס «שטעטל» פון אלגעמיינעם שטאנדפונקט, איך האב גערעדט פון דעם ארט, וואס אזא ווערק קען פערנעמען אין דער אלגעמיינער ליטעראטור, אבער «א שטעטל» איז איינע פון די שענסטע, נאציאנאלסטע ווערק אין אונזער יידישער

ליטעראטור· פאר אונז׳ יידן׳ איבערהויפט פאר אונזער יידישער אינטעליגענץ אין איר איצטיגן פסיכאלאגישן צושטאנד׳ האט אשס שטעטל אזא אומגעהייער גרויסע באדייטונג׳ אז מען דארף וועגן דעם רעדן פיל׳ באזונדער· דא וויל איך נאר באמערקן:

אשס «שטעטל» – אטדי לעגענדע – האט ניט בלויז אריינגעטראגן אסך ליכט אין אונזער פינסטערן היינט׳ נאר אש האט שלום געמאכט צווישן אונז און אונזער פארגאנגענהייט·

פון דער פארגאנגענהייט האבן מיר זיך אפגעריסן׳ מיר האבן ניט פארשטאנען דאס «שטעטל»· מיר האבן געקוקט אויף דאס שטעטל מיט די אויגן פון סמאלענסקין׳ יהודה ליב גארדאן׳ ליליענבלום· איז געקומען אש און האט אנגעשריבן א לעגענדע׳ וועלכע איז אמתער פון «קבורת חמור»׳ פון «חטאת נעורים»׳ איז געקומען אש און האט אנטדעקט פאר אונז גרויסע אוצרות׳ רייכע וועלטן׳ פאר וועלכע מיר׳ ארימע לייט׳ שטייען אנטציקט׳ פאַרוואונדערט·

מיר׳ גייסטיג אויסגעהונגערטע׳ שטייען און בענקען נאך דער אמאליגער הארמאניע׳ נאך דער שיינער וועלט׳ מיר זוכן פעדימער׳ דורך וועלכע מיר זאלן זיך קענען צוזאמענבינדן מיט אונזער פאר־גאנגענהייט·

און פאר דער בענקשאפט דארפן מיר דאנקען אויך שלום אשן···

מיר דאנקען אים פאר דעם אויפגעשטעלטן דענקמאל פון א לעבן׳ וואס איז שוין ניט מער פארהאנען׳ דען די אומברחמנותדיגע צייט׳ וואס צעשטערט אזוי פיל׳ האט אויך יענעס שטעטל צעשטערט·

עס איז נאר די שיינע לעגענדע געבליבן׳ די קונסט האט דאס שטעטל געראטעוועט פון פארגעסן ווערן·

# א· ווייטער·
(א· דעווינישסקי·)

א קרבן פון ווילנער פאגראם פון יאר 1920 איז צווישן אנדערע גע־
פאלן אויך א· ווייטער: פאר דעם גרעסערן, ברייטערן עולם איינער
פון יענע יונגע, יידישע ליטעראטן, וועלכע רעפרעזענטירן דעם יונגן
דור, איינער, וואס געהערט אויך צו «אטדער גרופע», פאר
ענגערע קרייזן אבער א ביז גאר אייגענארטיגע, אינדיווידועלע גע־
שטאלט, וואס שטייט זיך אליין אין איר ראם, א פארנעמע ער־
שיינונג, ווי אויסערליך, אזוי אויך אינערליך. אינערליך ניט נאר
פיין, נאר קאמפליצירט, פארוויקלט און — פארוואס זאל מען עס
וועלן אפלייקענען, למאי זיך שעמען — צעבראכן. גוואלדיג צעבראכן.
ס׳האט געפעלט די מיטלמעסיגקייט פון הארמאניש צו זיין, פון מיט
זיך אליין צופרידן זיין. וועגן דער הארמאניע פון די גרויסע, פון די
גאונים דארף מען דאך ניט רעדן, דען, ערשטנס, איז עס א ליגן און,
צווייטנס, זיינען עס דאך גאונים און זייער הארמאניש־זיין איז א
ברכה מן השמים. געוואוינליך איז אבער די הארמאניע א סימן
פון דער מיטלמעסיגקייט, דער אויסדרוק פון א באנאלן, נארמאלן
מענשן. ווייטער איז עס אבער נישט געוועזן. ער האט אויך
באטראכטן דעם אלגעמיינעם וועג, אבער דער ריטם פון זיין מיטגיין
איז געוועזן אנ׳אנדערער, מיט זיגזאגן און אפט מיט אן אפשפרונג אן
א זייט. ער האט דיזעלבע אנפאנגביאגראפיע פון דעם יידישן אינ־
טעליגענט אין דער אויפגעקלערטער, גייסטיגער ליטע. געוויס,
אפריהער דער גמרה־נגון אין א ישיבה ערגעץ אין קאוונע אדער ווילנע
און ארעמע טאטע־מאמע, וואס זיפצן. דערנאך ביכלעך, ביכער,
א סך ביכער, וואס ברויזן אויף די נשמה און הייסן גיין דינען דעם

פאלק, קעמפן פאר אים, דאס לעבן אפגעבן פאר אים, לכל הפחות אויסמעסטן עטליכע טויזנט ווערסט איבער דעם טראקט, וואס פירט קיין סיביר. ווייטער איז געגאנגען ווי אנדערע טויזנטער, נאך גאר יונג, קיין סיביר. צוריקגעקערט און געארבעט אלס זשורנאליסט אין דער ווילנער רוסישער צייטונג «סעווערא־זאפאדני גאלאס». דארט האב איך זיך מיט אים צום ערשטן מאל באקענט, מיט דעם בונדיסט דעווינישסקי, ווען עס האט זיך נאך דעמאלט גאר ניט געחלומט צו ווערן א יידישער שריפטשטעלער, א יידישער דראמעס־שרייבער, וואס שרייבט מיט מאדנע, אוראלטע אותיות, וועלכע נאר עטליכע מיליאנען מענשן און איינציגע שפראך־געלערנטע פארשטייען; פארקערט, ער האט זיך דאן ארומגעטראגן מיט א מאדנער, אסימילאטארישער אידעע, מיט א אידעע צו אייראפעאיזירן דעם זשארגאן אין דעם זין, אז מען זאל אויפהערן שרייבן מיט די אלטע אותיות און פארבייטן זיי אויף לאטיינישע, כדי אויך די פרעמדע וועלט זאל אונז קענען פארשטיין, ער האט אפילו פארפאסט וועגן דעם א קליינע בראשורע, וועלכע ער האט שפעטער פארניכטעט, ווייל ער האט זיך מיט איר געשעמט דאן, ווען ער האט אליין אזוי ליב געקראגן אטדי אוראלטע אותיות, וואס נאר עטליכע מיליאנען מענשן און עטליכע שפראך־געלערנטע פארשטייען; יא, ער האט זיי ליב געקראגן אטדי קליינינקע אותיות, און איך דערמאן זיך זיין געדיכטן כתב, וועלכער איז געווען שארף, שפיציג, אנגעשטרענגט און קאנצענטרירט. ווי פארדראסיג איז עס מיר, וואס אין דעם שטענדיגן וואגלען, אין דעם שטענדיגן ניט־אין־דער־היים־זיין זיינען צווישן פיל אנדערע ליבע קלייניגקייטן פארלארן געגאנגען אויך ווייטערס בריוולעך מיט די געדיכטע, שפיציגע אותיות! אבער, ווי געזאגט, דער בונדיסט דעווינישסקי, פונקט ווי דער שרייבער פון די דאזיגע צייל ן, האבן זיך דאן נאך גערעכנט פאר רוסישע זשורנאליסטן און אין דעם טיפסטן גלויבן געזאגט: «נאַש טשעכאוו» ... דער בונדיסט, אדער ריכטיגער: דער בונדאוועץ! דאך א מאדנער, ניט אזוי ווי אלע. ניט

גראדלייניג, לייענט ביכער און אינטערעסירט זיך מיט פראבלעמען, וואס ליגן אויף יענער זייט גרעניץ פון פרומען מארקסיזם און פון זיך מקריב־זיין פאר דעם פאלק; געוויס, מען דארף עס טאן, אבער דאס איז נאך ניט אלץ, עס איז נאך דא אנ׳אנדער גרויסע וועלט, עס איז נאך דא די מענשליכע פערזענליכקייט, עס איז נאך דאָ דער אינדיווי־דועלער גייסט און, וואס פאר אנ׳אפיקורסות: א מענש ווערט מען נאך ניט מיט דעם באקומען שטימרעכט אליין, מיט דעם ערווערב פון פאליטישער פרייהייט אליין. א מענש צו ווערן איז אנ׳עבודה, איז א גוואלדיגע אינערליכע ארבעט. א קלייניגקייט א מענש צו ווערן! און איצט, ווען איך קער זיך צוריק אום אין געדאנק צו יענע לאנגע, לאנגע אוונט־שפאצירן אויף דעם ברעג פון ווילִיע, אינם באטאנישן, בערנארדינער גארטן, איבער די ענגע גאסן און געסלעך פון דער אלטער ווילנע, שטייט אויף קלאר פאר מיינע אויגן אטדער דעמאקראט און סאציאליסט דעווינישסקי, וואס טראגט אין זיין נשמה נאך אנ׳אנדער וועלט, און אין יענער אנדער וועלט וואוינט דער, וועלכער וועט שפעטער אויפטרעטן אין דער יידישער עפנטליכקייט און יידישער ליטעראטור אונטער דעם פסעוודאנים: ו ו י י ט ע ר. אין דער אמתן, נאך זיין גאנצן וועזן נאך, נאך דער ארט פילן און דענקען שטייט ער ווייטער פון די אנדערע, און אייגנטליך איז ער ניט קיין פארטיי־חבר, ווי געוואוינליך, און מען קוקט טאקע אביסל אויף אים קרום: ניט גאר «צופערלעסיג», אביסל צו דעקאדענטיש געשטימט, מישט זיך ניט אין טעגליכן פארטיילעבן. ווען עס האט אבער אויסגעבראכן די אקטאבער־רעוואלוציע 1905, און ווילנע, גלייך מיט אלע אנדערע שטעט, ווערט דורכגעציטערט פון רעוואלוציאנערן גייסט, וואס דריקט זיך אויס אין גוואלדיגע דעמאנסטראציעס, הייבט זיך אן ד ע ו ו י נ י ש ס ק י ־ ו ו י י ט ע ר פלוצלונג צו מישן, און דער פאר־קלערטער אינדיווידואליסט, דער ליבהאבער פון איינזאמע מחשבות און אביסל אנאזייט שפאצירן, אנטפלעקט זיך אלס א רעוואלוציאנער מיט א גוואלדיגן טעמפעראמענט. ער באהערשט די שטאָט און

מען רופט אים דער «גראדאנאטשאלניק פון ווילנע»· דאס פאלק קען אים· ער נעמט אויס ביי דעם פאלק און אפילו ביי די פרומע יידן· איבערהויפט נאך יענער פארזאמלונג אין דער גרויסער אלטער שול מיט די אלטע קאלאנעס פון רויטן גראניט· די שול איז אנגעלאדן מיט ארבעטער׳ און פון דער בימה׳ פון וועלכער מען לייענט די תורה׳ טראגן זיך פלאמענדיגע רופן צו פאליטישער באפרייאונג· אלטע יידן ברומען׳ אלטע יידן זיינען אומצופרידן: ס׳טייטש מען ניצט אויס די שול צוליב וואכעדיגע זאכן· פון פרומע יידנס מיילער פליהען ברוגזדיגע ווערטער: ס׳טייטש א חלול השם· «רבותי! יידן! - שרייט אויס ווייטער אין גרעסטער אויפרעגונג׳ הינטער די טויערן פון שול־הויף שטייען קאָזאקן׳ קאָזאקן מיט נאהאיקעס און אנגעלאדענע ביקסן׳ יעדע מינוט קענען מיר דא פאלן אלס קדושים׳ און דארט׳ וואו עס זיינען פארהאנען קדושים׳ איז ניטא קיין חלול השם!»

און די פרומע יידן זיינען שטיל געווארן׳ זאגאר אביסל ווי פארשעמט...

זיין רעוואלוציאנערע קאריערע האט געדויערט׳ דאכט זיך׳ נאר איין וואך׳ זי האט זיך אנגעהייבן׳ איוב איך האב קיין טעות נישט׳ מיט יענער רעדע אין דער גרויסער שול און האט זיך געענדיגט׳ ווען מען האט אים אויפגעהויבן א פארחלשטן און אריינגעטראגן צו א באקאנטן דאקטער אין הויז· - פייערדיגע רעוואלוציאנערע טעג האבן זיך גיך אומגעביטן אויף די שרעקליכע טעג פון די אקטאבער־פאגראמען· אסך הערצער זיינען דאן פון יאוש צעבראכן געווארן׳ אסך הערצער האבן זיך אבער באלד ווידער געטרייסט און צו זיך געקומען אין דעם פונאנדערקלייבן־זיך אין פארטיי־פראגראמעס· ווייטער׳ וועלכער איז גיך נאך דער קאטאסטראפע אפגעפארן קיין קראקוי׳ האט דעם חשבון־הנפש אריבערגעטראגן אינדערשטיל׳ אין דער איינזאמקייט׳ מיט זיך אליין׳ ווי יעדער ערנסטער גייסט טוט· אין יענער צייט פאלט אויס דאס אנשרייבן פון דער ערשטער דראמע «פארטאג»

און זיין אריינטרעטן אין דעם ליידפולן צעך פון יידישע שרייבער אונטער דעם נאמען «א· ווייטער»· דאן קומט ער אין ווילנע אנ׳אויס־געלייטערטער און גרינדעט צוזאמען מיט ש· ניגער און דעם שרייבער פון די דאזיגע צײלן די «ליטעראַרישע מאנאטסשריפטן»· עס זיינען געווען עטליכע פרייליכע חדשים אין דער יידישער ליטעראטור· מאכט ניט אויס, וואס שפעטער, אביסל עלטער און קליגער, דאס הייסט ניכטערער, אהן פייער, האבן מיר אלע אפט אונטערגעשמייכלט אויף דעם ליארם און ענטוזיאזם פון דעם «רענעסאנס» פון דער יידישער קולטור· א שיינע צייט, אנגעלאדן מיט גלויבן און ליבע איז עס פארט געווען, און דער בעסטער באווייז איז, אז מען געדענקט עס· א סך ווען מיט מיר מודה זיין, אז מען געדענקט יענע צייט· ווייטער האט אין איר געשפילט די שענסטע ראלע, ער האט גע־דינט די «ליטעראַרישע מאנאטסשריפטן» מיט א טריישאפט, מיט א איבערגעגעבנקייט, וועלכע עס איז זיך שווער פארצושטעלן, און אויב איך האב קיין טעות ניט, האט ער די אומדאנקבארסטע ארבעט, ווי ליגן אין דער דרוקעריי און קריגן זיך מיט די זעצער, אויף זיך גע־נומען· ער האט אויך מער פוןביידע איבעריגע רעדאקטארן געזעהן צו טאן אלץ, וואס נאר מיגליך, כדי די «ליטעראַרישע מאנאטס־שריפטן» זאלן ניט אונטערגיין· זיי זיינען אבער דאך אונטערגעגאנגען נאך דעם פערטן ביכל, און ווייטער טרעט ארויף אצונד אויפן וועג פון דעם גייסטיגן נע־ונד׳ניק און ליטעראַריש־קינסטלערישן פראיעקטן־מאכער· צוויי ליבלינגס־אידעען געוועלטיגן איבער זיין נשמה, דאס איז דער יידישער טעאטער און די גרינדונג פון א יידישן פארלאג, וועלכער זאל האבן ניט א קאמערציעלן, נאר א אידעאלן צוועק· ער חלומט וועגן ארויסגעבן שיינע יידישע ביכער, שיין אויך אויסערליך· און ווייטער איז עס געווען, וועלכער האט געלייגט דעם גרונטשטיין צו ב· קלעצקינס פארלאג· דאס האט ער אידעאיש באארבעט דעם יונגן יידישן גוטסבאזיצער און פאברי־קאנט· שפעטער זיינען שוין אנדערע געקומען און האבן זיך «אוועק־

געזעצט» ארבעטן, האבן זיך «איינגעשפאנט» אין דער ארבעט· די אידעע אבער און די ערשטע שווערסטע ארבעט פון איר פארווירק־ ליכונג געהערט אים, ווייטערן· און ווי האט ער ליב געהאט צו חלומען וועגן אנ׳אמתן יידישן קינסטלערישן טעאטער, ווי האט ער געברענט פאר אטדער אידעע, מיט א שטילן, איינגעהאלטענעם, אבער שטארקן פייער· דאס האט אים געמוזט דערנעהנטערן צו אונזער גרויסן נע־ונד־ניק פרצן, וועלכער האט קיינמאל ניט אויפגע־ הערט ארויסצוברענגען אלץ נייע פלענער, נייע אידעען ניט נאר אין זיין פערזענליכן ליטעראַרישן שאפן, נאר אויך אין דער יידישער קולטורוועלט·

ווייטערן האט שטארק געצויגן צו פרצן מהמת דער גרויסער פארוואנד־ שאפט פון זייערע נאטורן, דען זיי געהערן צו דערזעלבער גייסטיגער ראסע, פארשטייט זיך יעדער אין זיין מאס: פרץ גרויס, ווייטער אין פארגלייך צו אים קליין, אבער דערזעלבער קולטור־שיקזאל און, אויב איר ווילט, דיזעלבע טראגעדיע· אין וואס איז זי באשטאנען? אין דעם געפיל, אז ס׳איז ניט געלונגען זיך ארויסצוזאגן, זיך אויסצולעבן אין דעם אייגענעם ווערק· קיינמאל ניט אויסגעלאדן, אויסגעליי־ דיגט דאס אייגענע שיף· פונדאנען קומט, ניט קוקנדיג אויף דעם פיל ריידן, וואס איז פארקערפערט אין א סך בענדער, דאך דער איינדרוק פון א שטומען, פון א שטאמלער, וואט ראנגלט זיך מיט דעם ווארט· פון דאנען די טראגישע אומבאהאלפנקייט· ביי פרצן האט זיך עס אויסגעדריקט אין זיינע וואריאנטן אן א צאל, ביי ווייטערן אינם פארשטיינערטן שווייגן און אינם פארשליסן זיך אין דעם האפנונגסלאזן רעזינגירן אין רעדאקציע־חדר, וואו ער האט באדארפט צום לעבן פארדינען מיט שרייבן לייטארטיקלען, פעליעטאנען, אנ׳ארבעט, וועלכע האט זיך אים מיט אזא שווערקייט איינגעגעבן, ווייל ער האט צו איר ניט געפאסט· און די אומבאהאלפנ־ קייט, דאס שטאמלען האט זיך אויך אויסגעדריקט אין א מאדנעם, אויסטערליש פיינעם זשעסט· ווייטער האט גערעדט מיט די הענט,

נאר איך האב נאך קיינמאל ניט געזעהען אז מ׳זאל אזוי שיין ריידן, אייגנטליך ניט מיט די הענט, נאר מיט צוויי פינגער· ער האט זיי אויפגעהויבן אינדערהויך, ראש, ענערגיש, געצייכנט ליניעס, פיגורן, און זיי האבן אמאל געקרוינט געדאנקען, וועלכע מ׳וואלט מיט ווער־טער ניט געקענט אויסדריקן, אדער וועלכע ער האט אויס אומבא־האלפנקייט אדער אויס רעספעקט פאר א ציטעריגן, אקארשט גע־בוירענעם אדער לאנג ביי זיך געטראגענעם, אויסגעווייהטאגטן גע־דאנק ניט געקענט אויסדריקן· איך שטעל זיך פאר, ווי שווער ער האט דאס געמוזט ליידן, אטדער מענש פון דעם באוואוסטזיין, אז אַלע אוצרות פון מחשבות, וועלכע זיינען געלעגן אויף דעם גרונט פון זיין נשמה, זיינען סוף כל סוף ניט ארויסגעזאגט און ניט פארקער־פערט געווארן אין געשטאלטן· די עטליכע דראמעס, וואס אים האט זיך יא איינגעגעבן אפצוראנגלען פון דער שטומער איינגעשלאסענער מלוכה, וואס זיינען זיי, אויב ניט וואונקען, אויב ניט אנזאגערס, אז עס איז נאך פארהאנען א גאנצר לאגער פון שמאכטנדע געשטאלטן, וואס ווארטן אויף באפרייאונג? צו אטדי אינערע ליידן דארף נאך צוגערעכנט ווערן א קאמף פארן קיום, א קאמף, ווען 25 רובל איז נאך א גרויסע סומע געלט, און דער ווייסער קראגן, דער ריינער ציכ־טיגער בגד קען ניט פארהיילן דעם פאקט, אז די שיך זיינען אויסגע־קרימט··· ווייטער פירט דעם קאמף רוהיג, שטיל, אליין, דעם אוי־סערליכן ווי דעם אינערליכן, נאר אויף זיין שיינעם פנים פלעגט צו אפט שוועבן דער שאטן פון דער גרעסטער מידקייט· דאן פלעגט ער זיך אודאי אויך דערמאנען, אז זינט זיין אומקערן זיך קיין ווילנע, נאך דער ערשטער אקטאבער־רעוואלוציע, וואוינט ער אלץ אויף א פרעמדן פאס און שלעפט מיט נאך זיך א נאמען פון עפעס א גינצבורג, אדער א הורוויץ· ער וויל א סוף מאכן צו אטדעם צווייענדיגן לעבן, און דעמאלט טוט ער אפ יענע נארישקייט· אין וועלכער מען דארף זעהען ניט נור די קרומע עצה פון א גוטן פריינד, נאר אין וועלכער עס האט אויך געשטעקט א גרויס שטיק יאוש· ווייטער מעלדט זיך

אליין ביי דער פאליציע· זיינע פריינד וואונדערן זיך אויף אטדעם שריט׳ האפן אבער׳ אז ער וועט העכסטנס אפקומען מיט עטליכע הדשים טורמע׳ דען פון יענע אקטאבערטעג זיינען דאך אוועק אזוי פיל יארן׳ און ווייטער שטייט דאך איצט אזוי ווייט פון פאליטישן לעבן· אבער די צאריסטישע רעגירונג פארגעסט ניט קיין אלטע חטאים׳ ווייטער זיצט מער ווי עטליכע הדשים און ווערט נאך פאר־משפט אויף דריי יאר אין קאלטן׳ ווייטן סיביר· צום צווייטן מאל אין סיביר געגאנגען· אומגעקערט האט ער זיך ערשט ניט לאנג פאר דער מערץ־רעוואלוציע· א וועלכער? מיט אנ׳אינערליכן פרידן אין הארצן? מיט טיפע נייע פלענער? מיט עטליכע דראמעס אפגע־ראנגלטע פון דעם פארגראבענעם אוצר? איך ווייס עס ניט׳ אזוי פיל יאר האב איך פון אים ניט געהערט און ניט געזעהען· מען האט נאר דערציילט׳ דאס ער איז קרעפטיג און אין גוטן מוט· דאן האב איך געטראכט: א! ווייטער׳ דער קען שוין א סך אריבערטראגן· א לאסט־טרעגער· מיטאמאל די שרעקליכע ידיעה· דורך א ווילדער׳ מער־דערישער האנט געפאלן׳ אין ווילנע׳ אין דער שטאט׳ וואו עס האבן געלעבט זיינע בעסטע פריינד און וואו ער האט אויסגעחלומט זיינע בעסטע חלומות· ווי אומענדליך טרויעריג איז עס צו וויסן פאר די׳ וועלכע קענען ווייטערן ניט נאר אלס א מיטגליד פון דער משפחה יידישע שרייבער׳ נאר אויסערדעם אלס א העכסט אינטערעסאנטן מענש מיט פיינעם גייסט און איידלסטע געפילן· · ·

---

# לעוויטאַן.

פֿון יידישן פאלק גייען אוועק זייען אויף פרעמדע פעלדער און גערטנער זעהר, זעהר פיל. אַן אלטע געשיכטע, וועגן וועלכער עס איז שוין אין אונזער ליטעראטור און פרעסע גערעדט געווארן ניט איין מאל. עס גייען אוועק גרויסע קעפ, הויכע זיילן, טיפע הערצער. ווען זיי בלייבן צווישן אונז, וואלט אונזער לעבן אפשר אויסגעזעהען עטוואס שענער, וואלט אפשר ניט געווען אזוי פינסטער, ניט אזוי אומעטיג אין אונזערע רייהען. נאר פארפאַלן, זיי ווילן ביי אונז ניט בלייבן, זיי גייען אוועק. עפעס לאָקט זיי, פארפירט זיי אהין צו די פרעמדע, זיי מיינען, אז דארט איז בעסער, ברייטערע האריזאנטן. בעסער? אטדאס איז די פראגע. מיר פרעגן נעמליך: ווי פילט זיך אונזער אנטלאפענער אין דער נייער משפחה? אטדער שרייבער, אט־דער סקולפטאר, אטדער פיאניסט, פאַרלאָזנדיג זיין פאלק, צי גע־פינט ער צווישן פריינדליכע פרעמדע, וועלכע האבן אים אריינ־גענומען אין זייער קרייז, צי געפינט ער צווישן זיי פולקומע אינער־ליכע רוה? אדער אפשר לעבט ער איבער, ניט קוקנדיג אויף דעם אויסערליכן ערפאלג, אויף פילע אפלאדיסמענטן און קראנצן בלומען, גרויסעליידן. כבוד, עשירות... דוכט זיך, עס פעלט גאר ניט, נאר א קליין ווערימל זיצט פארבארגן און נאָגט, און עגבערט. יאָ, ווי איז עס מיט אטדעם קליין ווערימל? ...

קענען מיר דען זיכער זאגן, אז אטדער גרויסער מענש, איבער וועמענס פלייצע עס הענגט א בלויער ערן־שאַרף, וועלכער איז בא־שאטן מיט מעדאלן, שטאמענדיג פון יידן, שלאפט אפטמאל ניט גאנצע נעכט, אונטער דער זיידענער קאלדרע, און אים בענקט זיך אהיים, אהין, גאר ווייט אין דעם קליינעם ליטווישן שטעדטל, אין

דעם קליינעם ארימען קלייזל, וואו יום כיפור פלעגט ער באהאלטענער־הייט, אז קיינער זאל אים ניט זעהען, גנבענען וואקס פון די גרויסע וואקסענע ליכט און אויסקנעטן פון זיי פארשיידענע פיגורן? עס באַוויזן זיך טייערע שאטנס: דער אלטער, אלטער זיידעניו און די שוואכע יידישע מאַמע (ווי זאגט דארט איינער ביי שלום אשן «א מאמע א קאליקע איז דאך פארט א מאמע»)· מיר פרעגן נעמליך, ווי איז עס מיט דעם קליינעם ווערימל, וואס עגבערט און נאגט אינ־דערשטיל? ···

ביין, דער גרויסער סוד פון אינערליכע שמערצן, ליידן, וועלכע א טיפע נאטור פון אזא יידישן קינסטלער טראגט אריבער, איז פאר אונז פערבארגן· ווען־ניט־ווען נאר עפנט מען אונז דעם קדשי־קדשים פון א מענשנס נשמה און מיר זעהען טיפע וואונדן, ווען־ניט־ווען ווערן אנטפלעקט אזוינע סודות· אזוי, צום ביישפיל, האבן מיר זיך דערוואוסט, ווי אומגליקליך, ווי טראגיש איז געווען דאס לעבן פון לודוויג יאַקובאָווסקי, וועלכער האט נאר דורך זעלבסטמארד פארענטפערט זיין אינערליכע רעטעניש· זיין «סצילע און כאריבדע», זיין אפגעריסנקייט פון יידישן פאָלק פון איין זייט, און די שטענ־דיגע שטרעבונג צו אים פון דער צווייטער זייט·

אדאנק דעם רוסישן אקאדעמיקער סטאַסאָוו, וועלכער האט פאַר־עפנטליכט די בריוו פון דעם סקולפטאר אנטאקאָלסקי, איז פאר אונז אויפגעשטאנען א טרויעריג בילד פון א צעבראכענעם לעבן· אנטא־קאלסקי האט ניט געטרונקען פון גליק־בעכער· אלץ האט געהאט דער וועלטבארימטער סקולפטאר: כבוד, מאטעריעלן ערפאלג, און דאך איז דאס לעבן זיינס געווען טראגיש· עס האט אים געפעלט, דאכט זיך, גאר א קלייניגקייט· די קלייניגקייט איז אבער גע־ווען אלץ· עס האט אים געפעלט אינערליכע רוה ··· א ווערימל זיצט און נאגט אינדערשטיל ···

ווען מיר לייענען דאס אלץ, מאכן מיר שלום מיט די גרויסע קינדער פון יידישן פאלק, צו פרעמדע אנטלאפענע, וועלכע האבן

אונז אוועקגעווארפן. מיר זיינען מוחל זיי זייערע זינד, ווארום דורך די גרויסע ליידן האבן זיי זיך אליין געלייטערט, געקויפט אן ארט אין דעם יידישן פאנטעאָן. פארשטייט זיך, פארהאנען אויס־נאמען, פארהאנען אזוינע, וועלכע פילן זיך גאַנץ גוט און לעבן זיך דורך דאָס גאנצע לעבן אהן אטדי סתירות. געארג בראנדעס, צום ביישפיל, וועלכער פילט גאר ניט ווי אומנארמאל עס איז צו קענען אלע שפראכן, אלע ליטעראטורן, אלע לעגענדעס פון אלע פעלקער, און אין דערזעלבער צייט ניט וויסן, אז עס עקסיסטירט א יידישע ליטעראטור. דער אלץ־ווייסער ווייס גראד דאס ניט. בראנדעס איז א גאנץ גוטער שרייבער, מיט אסך זכיות ביי דער קולטור, א פאר־נעמער גייסט, נאר ווי האט עס געקענט פאסירן, אז ער האט מיט אזא שרעק אפגעשטויסן פון זיך דעם טראגישן ווערימל. מען דער־ציילט אים, אז עס איז דא א יידישע ליטעראטור, אז עס זיינען דא יידישע באוועגונגען, וועלכע שטרעבן צו עפעס.

גוט, גוט, ענטפערט בראנדעס, מיר געפעלט עס זעהר, איך גע־פין, אז דאס איז ווירקליך שיין, נאר מיך גייט דאס ניט אן. איך בין א...דענעמארקער.

דער ניטווייסער...

איך דערמאן זיך אן בראנדעסן, און אָן זיין רוהי, און טיפער נאָך שיינט מיר דאן די טראגעדיע פון די אנדערע, די אומרוהיגע, ווי א לודוויג יאקובאווסקי, ווי א אנטאָקאָלסקי און ווי א לעוויטאַן.

דער נאָמען פון דעם בארימטן פייזאַזשיסט איז איסאק לוואוויטש לעוויטאן. דאס מיטעלע יידישע פובליקום, די גאר אלטע איינוואוינער (אויב זיי לעבן נאך) פון דעם קליין שטעטל, וואס ליגט לעבן וויר־באַלן, געדענקען נאך אפשר דעם ארימען יידישן יינגעלע מיט גע־גרייזלטע שווארצע האָר און שווארצע אויגן. נאך זייענדיג כמעט א קינד, איז ער אוועק אין מאסקווע, געליטן שרעקליכע נויט און הונגער, גענעכטיגט אין פוסטקעס, און אויף מאָרגן פריה, הונגעריגער־הייט, געגאנגען אין קונסטשול ארבעטן. דעם טאלענט פון דעם

יידישן שווארצאויגעדיגן בחורל האט מען באמערקט· און אזוי ביסלעכווייז· ביסלעכווייז נאך אלע שבעה מדורי גיהינום· וועלכע פאלט אויס אויף יעדן טאלענט· ביז ער דערשלאגט זיך צו דעם ארט· וואס אים קומט· איז לעוויטאן געווארן איינער פון די באַ־רימטע און באליבטע פייזאזשיסטן אין רוסלאנד· נאר די יידישע וועלט האט פון אים ניט געוואוסט· די יידישע וועלט האט לעוויטאן פארלאזן· ער האט זיך אויסערליך אסימילירט פולקום· זיינע באַ־קאנטע· זיינע בעסטע פריינד זיינען געווען ניט יידן· זיין גאנצן טאַ־לענט האט ער אוועקגעגעבן דעם מאָלן די פארוואָרפענע· איינגעבויגענע אלטע הייזלעך פון די רוסישע דערפער· די מיט מאָך באוואקסענע אלטע· האלב צעשטערטע קירכן· דעם קליין וועלדל· דעם שטילן טייכל· וועלכער ליגט דארט· ווייט אויף יענעם זייט דארף· אויף זיין לייוונט האט ער געשאפן זעלטענע גרופעס פון באגאָמאלצעס· הײנט ווער האט נאך אזוי· ווי לעוויטאן· געקענט איבערגעבן א פאַרנאכטיג בילד· בעת די זון זעגנט זיך טרויעריג מיט דער ערד· א גרויסע גייסטיגע ירושה האט געלאזן נאך זיך לעוויטאן· נאר אין זיין רייכער קאלעקציע געפינט איר ניט אפילו איין שטריך· איין פינטל· וועלכער זאל איבערגעבן דעם יידישן לעבן· אבער איז עס ווירקליך אזוי? לעוויטאן איז געווען אויסערליך פולקום אסימילירט· אינערליך אבער איז ער אלץ געבליבן דער איסאק לוואוויץ לעוויטאן פון א קליין ליטוויש שטעטל מיט דער גאנצער אומעטיגער פאעזיע· וואס איז דארט· ער האט מערניט אריבערגעטראגן דעם אומעט פון בית־המדרש אויף דער דארפישער קירך· פון דעם תשעה־באבדיגן יידן אויף דעם רוסישן באגאמאלעץ· און אזויוו־ לעוויטאן איז געווען א טיפע· איידעלע נאטור· איז אטדי אויסערליכע אסימילאציע אויך געווען א קוואל פון שרעקליכע ליידן פאר אים·

ניט לאנג· אין דעם מאסקווער זאמלבוך «ראדנאיע סלאווא»· האט ה״ גוסעָוו פארעפנטליכט אינטערעסאנטע בריוו· ערינערונגען· ביאַ־גראפישע מאמענטן פון און וועגן לעוויטאנען· לייענענדיג די רייכע

אין זייער אינהאלט בלעטער, פארקלעמט דאס הארץ, וואס פאר א אומ־גליקליכע, טראגישע פיגור איז געווען דער פון אלעמען געליבטער לעוויטאן. דאכט זיך: וואס האט אים געפעלט? ער איז געווען שיין, מאטעריעל געזיכערט, ער האט געהאט גרויס כבוד און ער איז אנ־ערקענט אלס איינער פון די גרעסטע פייזאזשיסטן אין רוסלאנד, אלע האבן אים ליב געהאט, ער האט געהאט מיט לייב און לעבן איבערגעגעבענע פריינד און צווישן זיי אזא מענשן, ווי דער אומפאר־געסליכער טשעכאָוו. האבן אזא פריינד, ווי טשעכאָוו, איז שוין, דאכט זיך, אליין א גרויס גליק. ער האט יארן לאנג אין זייער געזעלשאפט געוואוינט, מיט לעוויטאנען האט מען זיך געניאנטשעט, ממש אויף די הענט געטראגן. און דאך, ווי אומגליקליך איז ער געוועזן, שטענדיג האט געשמארצט א אינערליכע וואונד. זיינע נאהנטע פלעגן זיך וואונדערן: פארוואס נאך איין פריילליכן טאג גייט ביי לעוויטאנען א גאנצע וואך פון שווארצער מעלאנכאליע; דאכט זיך, נעכטן האט ער זיך געוויצלט, געמאכט זיך נאריש, אנטייל גע־נומען אין פארשיידענע קאמישע פארשטעלונגען, און מיט איין מאל א גזדיכטע כמארע אויף זיין שיינעם, בלייכן פנים. לעוויטאן נעמט מיט זיך זיין יאגד־הונט וועסטאַ און ווערט פארפאלן אויף עטליכע טעג. וואו איז לעוויטאן? וואס איז מיט אים, פרעגן אלע, דאגהן זיך אלע. לעוויטאן איז נעלם געווארן, ער בלאָנדזשעט איינער אליין, אין טיפן אומעט, איבער וועלדער און פעלדער...

ווי פיל האט לעוויטאן באצאלט פאר זיין אפגעריסנקייט, פאר דעם, וואס ער האט זיך אויסגעשלאסן פון זיין אייגענער נאציאנאלער אטמאספערע...

אמאל — דערציילט טשעכאווס שוועסטער דעם ה״ גוסעוו — האבן זיינע פריינד זיך ערנסט פאר אים דערשראקן, נאכדעם ווי ביי טשעכאוון אין אימעניע, וואוהין לעוויטאן פלעגט קומען יעדן טאג פון זיין דארף־וואוינונג, וועלכע איז געווען דערביי, איז גלענצנד געגעבן געווארן א קאמישע פארשטעלונג, אין וועלכער

לעוויטאן האט פיגורירט אלס אייגנטימער פון «סודנאַיאַ קאַסאַ איסאקא לוואוויטשא לעוויטאנא» און טשעכאוו אלס פראקוראר, וועלכער האט געהאלטן א פלאַמנדע רעדע קעגן דעם פראָצענטניק לעוויטאן. אלזא נאך אטדער פארשטעלונג, וואו אלע האבן זיך אזוי גוט געֶפילט, געלאכט, געשטיפט, איז לעוויטאן ווידער פארפאלן געווארן אויף א פאָר טעג. מען ווארט, מען ווארט. לעוויטאן איז ניטא. טשעכאווס פאמיליע איז געווען שרעקליך אומרוהיג, און ביידע ייִנגערע ברידער זיינען אוועק אין דארף מאקסימאווקע זעהען, וואס טוט זיך מיט זייער געליבטן פריינד. זיי האבן געטראפן לעוויטאנען ליגנדיג אויף א צופוילטער קול שטרוי אין א פינסטערן שטאל. ער האט טיף געזיפצט און דער בעל־הבית פון לעוויטאנס דירה, אן אלטער פויער, האט זיי שטילערהייט דערציילט, אז דער «פאַניץ» האט זיך נעכטן געשאסן, נאר צום גליק ניט אויף טויט. ער האט זיך נאר פערוואונדעט דעם פינגער...

כאראקטעריסטיש איז, וואס גוסעוו, איבערגעבנדיג דעם טראַגישן עפיזאד, פארשטייט ניט דעם פסיכאלאגישן צוזאמענהאנג פון דער קאמישער פארשטעלונג און דעם, וואס האט נאך דעם פאסירט... בכלל האבן אלע זיינע פריינד ניט פארשטאַנען די אמתע סיבה פון לעוויטאנס מעלאנכאליע, יעדער האט דאס ערקלערט דורך קלייניגקייטן, נאר איין טשעכאוו, וועלכער האט מיט זיינע טיפע, טרויעריגע אויגן געקוקט אין די פארבארגנסטע ווינקלען פון מענשנס נשמה, נאר ער האט אלץ פארשטאנען און געזאגט, הערנדיג אזוינע ניט וויכטיגע ערקלערונגען: «ניין, ניין, דאס קומט פון א גרעסערער, טיפערער סיבה».

און מיר ווייסן, אז דאס קומט פון דעם ווערימל, וואס נאגט.

מיר ווייסן, אז דאס קומט פון בענקען נאך דער אייגענער אטמאספערע. לעוויטאַן איז געווען א פארבלאנדזשעטער פויגל און אים האט זיך אפט געוואלט צוריק אהיים...

ער וויל פארשטיקן זיין אינערליכן יאמער און אומעט דורך פאר־שיידענע מיטלען, ער מאכט גרויסע רייזן, איבער קרים, אייראפע, ער פארט קיין פאַריז, גיט זיך אפ עסטעטישע און קינסטלערישע פאר־גניגונגען, און עס העלפט דאך ניט.

דער ווערימל...

«אך! – קלאגט לעוויטאן אין א בריוו צו טשעכאוון, ווי מאכט מען, איך זאל ניט נעמען זיך מיט זיך».

ער שרייבט בריוו פול מיט פעסימיזם. אים איז נמאס דער לעבן, און אויך שרייבט ער אין א בריוו צו טשעכאוון, אז, מאכנדיג א פאר־גניגונסרייזע איבער דער וואלגע, האט ער צו זיין גרייסן ערשטוינען, פילייכט שרעק (ער איז דאך דער אנערקאנטסטער פייזאזשיסט פון רוסלאנד, וועלכער גיט אזוי טיף איבער די זייל פון דער רוסישער נאטור) געמוזט מודה זיין, אז די וואלגע רעדט ניט מיט דער נויטיגער שטים צו זיין נשמה. זי זאגט אים גאר ניט. וואַסער, אסך וואַסער. מאָדנע! אבער פאַרוואס מאדנע? עס קען דאך גאר אנ־דערש ניט זיין. לעוויטאנס אבות האבן געוויס ניט געהערט צו דער געמיינדע האלב פיראטן, האלב רעוואלוציאנערן, וועלכע האבן זיך געפונען ארום סטיענקא ראַזין, דעם ראמאנטישן וואלגא־העלד, וואס ווארפט אין אירע כוואליעס די שיינע געליבטע, די «קניאזשנא», כדי די ליבע זאל אים ניט אזוי פיל שוואך מאכן, אז ער זאל פארגעסן זיינע אויפגאבן. און מיט פוגאַטשאוון האבן לעוויטאנס אבות אויך ווייניג שייכות געהאט. ווארשיינליך האבן זיי געלערנט תורה אין די ליטווישע און פוילישע בתי־מדרשים און גע־דאנקט דעם יידישן גאט, ווען די הינט פון דעם פוילישן פריץ זיינען ניט געוועזן אזוי בייז... מען קען ריידן וועגן אינטערנאציא־נאלער קונסט, וויפיל מען וויל, אבער נאציאנאלע טייכן זיינען אויך פארהאנען. די וואָלגע איז עס געוויס. טשעכאוו וועט שוין די וואלגע פארשטיין, זיין הארץ וועט שוין דערביי שטארקער און מיט פרייד קלאפן. אבער לעוויטאנען זאגט זי ווייניג, און ער דערשרעקט

זיך דערפאר. זיך אין דעם מודה צו זיין, איז פאר א מענשן, ווי לעוויטאן, וועלכער איז איינגעוואוינט אין דעם געדאנק, אז ער איז דער באדייטנדסטער רוסישער מאלער, א גאנצע טראגעדיע. זי איז פיל טיפער, ווי דער געוואוינליכער עולם נעמט עס אן.

לעוויטאן שטארבט יונג און טראגט אוועק אויף דעם מאסקווער יידישן בית־עולם זיין טראגעדיע.



